משה רובין



יעקב הלוי

# 1. טיפּן און געשטאַלטן

„די אידין״

„דער קויפמאַן פון װענעדיג״

„נאַטאַן דער װייזע״

אַ פּסיכאָלאָגישע און כאַראַקטעריסטישע אָפּהאַנדלונג אי־
בער אידישע העלדן וועלכע זענען, פון די גרעסטע בינע
פּערזענליכקייטן, אויף דער בינע אַרויפגעבראַכט געוואָרן.

צום הונדערט פערציקסטן געבוירן ־ טאָג פון דעם
פראַנצויזיש ־ אידישן קאָמפּאָזיטאָר יעקב הלוי, דער
מחבר פון דער וואונדערבארע אָפּערא „די אידין״.

# 2. די פּעדער

(פּאָעמע)

בוענאָס איירעס

1939

# TIPOS y FISONOMIAS

## "LOS JUDIOS" — "EL MERCADER DE VENECIA" y "NATAN EL SABIO"

Estudio psicológico de héroes judíos llevados a la escena por los más grandes autores teatrales.

Con motivo del 140 anivenrsario del nacimiento del compositor judeo-francés, Jacobo Halevy, autor de la extraordnaria ópera "Los Judíos".

— de —

**M. RUBIN**

**Talls. Gráfs. JULIO KAUFMAN — Junín 344 — Buenos Aires**

# פאָרוואָרט

אין דער געגענוועׂרטיגער צייט, וועלכע איז פאַרן אידישן פאָלק ניט וועניגער טראַגישער ווי די מיטלאַלטערליכע, אָבער דאָך פיל מער פיל־באַרע ווי יענע... אַ צייט אין וועלכער, ווילדע חיות אין מענטשן געשטאַלט האָבן אויף אַ חיות'שן אופן זיך פאַרלעגט צו פאַרשאַפן דעם פאָלק אומ־דערטערעגלעכע — ניִשט נאָר פיזישע נאָר אויך גייסטיקע — שמערצן; אַ צייט אין וועלכער מנובלים האָבן זיך פאַרנעמען צו פאַראומרייניקן אונ־זערע גייסטיקע אוצרות, און אַריינשטעקן זייער אומריינעם שנוק אין פאָלקס נשמה זייער מיאוסן ריח אַהין אריינצוברענגען; אין א צייט, אין וועלכער עס ווערט, ניט נאָר באַנייט און אָפּגעפרישט די אַלטע בלבולים, נאָר אויך צוגעטראַכט שפּאָגל נייע. אין אַזאַ צייט איז כדאי זיך מער פאַרטראַכטן אין אונזער היסטאָריע, און צו שטודירן יעדע אין איר פאָר־געקומענע געשעעניש, וועלכע האָבן ארויסגערופן פאַראורטיילן קעגן דעם אידן אויך פון אַזעלכע פּערזענלעכקייט, וואָס האָבן דעם אידן אפילו ניט געזען... אים צורעכענען זאָגאר זיינע מעלות ניט ווייל זיי זענען אין זיין כאַראַקטער אַלס „איד", וואָס ער האָט זיי גע'ישר'עט פון זיינע אורעלטערן, נאָר אַלס „מענטש", און אַלס מענטש דאַרף מען אים מוחל זיין אויך זיינע באַגאַנגענע פעלער צו וועלכע ער איז געווען געצוואונגען צו באַגיין זיי.
ס'איז אויך כדאי צו שטעלן אין פאַראַלעל געלערנטע, וועלכע האָבן אנדער־קענט אויך אינם מענטשן דעם איד, קעגן די היינטיקע — פון דעמזעלבן פאָלק — געלערנטע, וואָס ווילן ניט אנדערקענען אויך דעם מענטשן, אינם איד, און נאָר דעם אידן אַליין, אַלס דער שעדליכסטער עלעמענט. און מען וועט זיך איבערצייגן אז בנוגע דעם איד איז צו יעדער צייט — פון קיינעם סיי פון פריינט, און סיי פון אומפריינט — זיין כאַראַקטער ניט געשטודירט געוואָרן. און סיי די אהבה, און סיי די שנאה איז ניט געווען אַ כשורההדיגע... און ניט נאָר מיט ניט אידישע, נאָר אויך טייל אידישע

האָבן זיך פאַרנעמען דעם אידנס חסרונות, וואָס זיי אַליין האָבן אים קינסט־לעריש צוגעשריבן... און נאָר גאָר אַ גאַנץ קליינע טייל געלערנטע פון די אומות העולם האָבן דעם אידן מיט אַלע זיינע אידישע מעלות גרינטלעך פאַרשטאַנען...

אין דעם בוך וואָס ליגט פאַר די לייענער, וועלן זיי זיך אָנטרעפן מיט דריי גרויסע געלערנטע: מיט דעם קאָמפּאָזיטאָר „יעקב הלוי", דער מחבר פון דער אָפּערע „די אידין"; מיט דעם געניאַלן ענגלישן דראַמאַ־טורג שעקספּיר, דער מחבר פון „דער קויפמאַן פון ווענעדיג" און מיט דעם דייטשן אידנפריינטלעכן געלערנטן „לעסינג", דער מחבר פון „נאַ־טאַן דער ווייזע". און ווען איך האָב פון די ערשטע צוויי נאָר אין קור־צן זייערע ווערק באַהאַנדלט און כאַראַקטעריזירט, האָב איך אָבער דעם לעצטנס, „נאַטאַן דער ווייזע" אינגאַנצן אַ איבערגעזעצטע און פון מיר פריי באַאַרבעט און מיט אַ אידישע פאַרב באַפאַרבט...

פון די אַלע דריי וועט דער פאַרנונפטיגער לייענער אַ באַגריף האָבן פון זייער פאַרהעלטעניש צום אידן, סיי אַלס מענטש אַליין און סיי צו־זאַמען: אַלס מענטש און איד...

# אַ פאָרוואָרט צו דער אָפּערע „די אידין"
# פונם אידישן קאָמפּאָזיטאָר „הלוי"

צופאר מיט הונדערט פערציק יאָר, איז געבוירן געוואָרן דער גרוי־סער פראנצויזיש - אידישער קאָמפּאָזיטאָר הלוי, וועלכער האָט געלעבט דריי און זעכציק יאָר. אין יאָר 1862 אינם טאָג פון זיין טויט, איז אַ גרויסער נאַציאָנאַלער טרויער טאָג געווען אין פראנקרייך. אַלע די גרעס־טע געלערנטע און וויסנשאַפטס-מענער, וועלכע האָבן דעם גרויסן אידישן קאָמפּאָזיטאָר פארגעטערט, זענען געקומען אים אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד. צווישן די גרעסטע וויסנזאַפטלעכע פערזאָנען, וואָס האָבן אים מספּיד געווען, איז אויך געווען דער רעקטאָר פון דער אידישער קאָנסים־טאָריע אין פראנקרייך, אָנהויבנדיג זיין הספּד מיט די ווערטער: „אויך דאָס פראנצויזישע אידנטום טרויערט, אויף דעם גרויסן פארלוסט פון איינעם פון אירע בעסטע זינען. ווען „הלוי" איז געווען דער שפּיגעל פונם פראנצויזישן פאָלק, בכלל, איז ער אויך געווען דער שטאָלץ פונם פראנצויזישן אידנטום בפרט. אַ געטרייער זון צו זיין פאָלק און אַ גע־טריי איבערגעגעבענער צו אַלע אידישע טראַדיציעס. מיט אַלע זיינע גע־פילן איז ער צו די זעלבע טריי געבליבן. און ווען מיט אַלע זיינע מוזי־קאַלישע קאָמפּאָזיציעס האָט ער זיך דעם גרעסטן כבוד פארשאַפט, האָט די געשאַפענע פון „די אידין" אָפּערע, אים אויף דעם קולמינאַציאָנס פּונקט פון רום געשטעלט. די אָפּערע „די אידין" איז אויסער איר מוזי־קאַלישע קונסט, אויך אַ אידיש התלהבות'דיגע... וועלכע פאַנגט און באַ־צויבערט יעדעם אידישעם הארץ".

אַזעלכע ארויסגעזאָגטע ווערטער גיט אונז דאָס רעכט צו באַקע־נען זיך מיט זיין ביאָגראַפיע:

יעקב הלוי, אָדער ווי ער האָט זיך גערופן אין פראנצויזיש Jacques Elié Fromental Halévy איז געבוירן געוואָרן אין פּאַ־

ריז דעם 27־טן מאר 1799. זיין פּאָטער איז געווען א באוואוסטער דיכ־
טער מיטן נאָמען אליהו הלוי, פון פיערט, א שטעטל נעבן נירנבערג אין
דייטשלאַנד. ווען דאָס קינד יעקב איז אַלט געווען צען יאָר, האָט שוין
זיין פאָטער דערקענט אין אים זיין גרויסן טאלאנט צו מוזיק, און האָט
אים אריינגעגעבן אין דער פּאַריזער קאָנסיסטאָריע צו אנטוויקלען דאָרט
זיין מוזיקאַלישן טאלאנט. אַלט ווערנדיק ניינצן יאָר, האָט ער שוין באַ־
קומען די גרעסטע פּרעמיע, א געלט שטיצע פון דער רעגירונג אויף צוויי
יאָר צו פאָרן קיין איטאַליע צו פארפאָלקאָמענען זיך אין דער מו־
זיקאַלישער וויסנשאפט. און צוריקקערנדיג זיך פון דאָרט, מיטגעבראכט
זיין ערשטעס מוזיקאַלישעס ווערק, דאָס הומאָריסטישע “L’artisan”
א אָפּערא וועלכע איז אויפגעפירט און הויך אָפּגעשאצט געוואָרן פו די
גרעסטע מוזיקער. דער גרעסטער רום זיינער האָט זיך אָנגעהויבן פונם
יאָר 1829. פון דעמזעלבן יאָר ביז 1834 האָט ער זיך באַרימט געמאכט
דורך זיינע ווערק, די אָפּעראס: “Clari”, “La tentatión”, “Yela”, “Manon Lascaut”, “Le dilettante d’Avignon” “Les Souvenirs de Lafleur”.

אזוי האָט הלוי געשטיגן מיט זיין רימליכע שאַפונגען, וועלכע זע־
נען מיט גרויס בייפאַל אויפגעפירט געוואָרן אויף אַלע אייראָפּעאישע בי־
נעס, און אויף דער העכסטער שטופע פון רום האָט ער זיך געשטעלט
אינם יאָר 1835, ווען ער האָט די בעסטע פון אַלע אָפּעראס „דיאידין”,
געשאפן. די אָפּערא וועלכערס אינהאַלט אין קורצן מיר געבן דאָס פאַר
די לייענער. איך האָב געפונען פאַר וויכטיק צונויפזאמלען פון באגלויבטע
קוואלן און שרייבן וועגן דערזעלבער, אין דער צייט, ווען די אַלע גרעסטע
מוזיקער זענען פון היטלער־לאַנד פארטריבן געוואָרן, איז די אָפּערא „די
אידין” צום ערשטן מאָל אין „בערלין” אויפגעפירט געוואָרן. ווי דער
לייענער וועט זיך דערוויסן פון די ערשטע קאפּיטלען פון דער אָפּערא
„די אידין” און די אַרויסגעטריבענע מוזיקער וועלן זיך טרייסטן, אז זיי
זענען די געניאַלסן פון דעם געניאַלן מוזיקער, וועלכער האָט אויף דער
בערלינער בינע דעם גרעסטן רימליכן בייפאַל געהאט.

די אָפּערא „די אידין״, איז — ווי דער נאָמען אירער באַטייט — אַ נאַציאָנאַלע אידישע. סיי אין דעם אינהאַלט און סיי אין דער מוזיק, פילט זיך דער אידישער גייסט און דאָס אידישע האַרץ, וואָס פילט די טראַגעדיע און די שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען פונם אידישן פאָלק אין דעם פינסטערן גלות זיינעם.

איך וועל מיך באַמיען צו געבן אין קורצן אַ אָפּהאַנדלונג איבער דעם אינהאַלט פון דער אָפּערא „די אידין״, ווי איך האָב זי גענומען פון באַגלויבטע קוואַלן.

„ביים אידן אליעזר האָט זיך דערצויגן די טאָכטער פונם רוימישן שטאַט פּאַרוואַלטער, וועלכע, דער איד אליעזר, האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן, און געראַטעוועט פונם פייער, אין דער צייט, ווען דאָס מיליטער פון נעאַפּאָל איז איבערפאַלן רוים און דאָס הויז פונם שטאַט פאַרוואַלטער אין וועלכעס עס האָט זיך געפונען די פרוי און דאָס איינציאָריגע קינד פונם שטאַט פאַרוואַלטער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פונם פייער. די פרוי איז פאַרברענט געוואָרן, און דאָס קינד איז געראַטעוועט געוואָרן דורך עליעזר׳ן; און ניט אין אַכט נעמענדיק די שרעקליכע צרות וואָס ער האָט פון דעם אכזריות׳דיקן שטאַט פאַרוואַלטער געליטן, און דורך אים זענען אומגעקומען זיין פרוי און קינדער, האָט ער דאָך גרוים מיט־לייד געהאַט אויף דער אומגליקליכע יתומה׳לע, און עס דערצויגן ווי זיין אייגענע טאָכטער און זי געליבט ווי זיין לעבן. זי איז געווען די איינציקע טרייסט אין זיין פינסטער טרויעריגעס לעבן. און ניט אנטדעקט פאַר איר איר אָפּשאַמונג, אפילו ווען זי איז א דערוואַקסענע געוואָרן.

אין מערערע יאָרן אַרום — אין יאָר 1414 — האָט צופעליג זיך אָנ־געטראָפן מיט דער שיינער בליענדער רחל — דעם נאָמען האָט איר אליעזר געגעבן — דער פירשט לעאָפּאָלד, דער הויפּט קאָמאַנדיר און דער געליבטער פון דער פרינצעסין „איידאַרא״, די טאָכטער פונם קיסר זיגמונדס אַ שוועסטער, און זיך אין איר שטאַרק פאַרליבט. וויסנדיק

אָבער — ווי ער האָט געגלויבט — אז זי איז דעם אידן אליעזר׳ס א טאָכטער, און ניט אזוי לייכט וועט אים אָנקומען צו דערקלערן זיך אין ליבע צו איר, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט פאר איר אלס א אידישער קינ־סטלער מיטן נאָמען שמואל, ערשט א צוגערייזטער, און ס׳איז אים גע־לונגען צו געווינען דאָס הארץ פונם פאָטער אליעזר ער זאָל אים גלויבן, און דאָס הארץ פון רחל׳ן, זי זאָל זיך אין אים פארליבן.

אין איין פסח־נאכט צום סדר, איז לעאָפּאָלד — שמואל — איינ־געלאדן געוואָרן צום סדר, צוזאמען מיט אנדערע אורחים. און ווי דער־שטוינט איז רחל געוואָרן, ווען זי האָט באמערקט, אז איר געליבטער ווארפט אין געהיים ארונטער די שטיקלעך מצה, וואָס ער האָט באקו־מען פון איר פאָטער אויף צו מאכן א ברכה. און ווייל זי האָט נאָך פריער באמערקט אויף אים א זאנדערבארע ניט אידישע אויפפירונג, האָט זי אים אָנגעהויבן צו פארדאכטן, און געוואָלט פאָדערן א דערקלערונג פון אים. אָבער פלוצלינג האָט זיך דערהערט א קלאַפּן אין טיר; די אלע אין הויז, אין וועלכעם דער סדר איז געהיים אָפּגעריכטעט געוואָרן — ס׳איז דאָך געווען אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע — און געגלויבט האָבן די אלע דאָרט פארזאמעלטע אז די יעזואיטן זענען געקומען אויף די שפורן פון דעם געהיימניס, האָבן גלייך פארלאָשן די ליכט, און אלע זענען אַנטלאָפן און זיך באהאלטן אין פארשידענע חדרים, אויסער אליעזר וועלכער איז פארבליבן צוזאמען מיט לעאָפּאָלד׳ן אין צימער.

די טיר איז אויפגעעפנט געוואָרן, און די פרינצעסין אײדארא איז אליין ארײנגעקומען, מיט דעם צוועק צו קויפן ביי דעם איד אליעזר — וועלכער איז געווען א גאָלד - צירונג הענדלער — די ווערטפולע גאָלדענע קייט, וועלכע האָט זיך געפונען ביי אים, פאר איר הייס גע־ליבטן לעאָפּאָלד אלס א מתנה, נאָך זיין צוריקקערן זיך פון דער מלחמה מיט די הוסיסטן, און אָפּגעהאלטן א גרויסן זיג איבער זיי. די פרינצעסין האָט איר געליבטן לעאָפּאָלדן, וועלכער איז דאָרט געווען, ניט דערקענט, דאנקענד זיין פארמאסקירטעם אויסזעען, און ווען אליעזר האָט זי ארויסבאלייט, איז רחל ארײנגעקומען אין צימער. נאָך דעם קורצן געשפּרעך וואָס ס׳איז פאָרגעקומען צווישן זיי, האָט לעאָפּאָלד זי געבעטן זי זאָל אים ארום האלבע נאכט אָפּווארטן אין איר צימער, און קומענדיק

אין דער באַשטימטער שעה, האָט ער אַנטפּלעקט פאר איר, אז ער איז ווירקליך א קריסט. זיין ליבע צו איר איז אָבער אזוי גרויס און שטאַרק, אז ער איז גרייט זיך מגייר זיין, און מיט איר אַנטלויפן אין א ווייט לאַנד, וואו די אינקוויזיציע וועט זיי ניט דערגרייכן. רחל׳ס ליבע צו אים איז אזוי גרויס געווען, אז זי האָט ניט געצווייפעלט אין זיין הבטחה, און צוגעשטימט צו דעם פּלאַן. אין דעם מאָמענט אָבער האָט זיך אליעזר דערוואַכט פונם שלאָף, און אַריינקומענדיג אינם צימער וואו די געליבטע זענען געזעסן, און זיך דערוויסנדיג אז דער גאַסט זיינער איז גאָר א קריסט, וועלכער האָט שוין פאַרפירט זיין טאָכטער... איז ער אויף אזוי פיל אויפגערעגט געוואָרן, אז ער האָט זיך א וואָרף געטון צו דערשטעכן אים. רחל האָט זיך אָבער אריינגעשטעלט אין דער מיט און א זאָג געטון: אויב דו וועסט אים דערשטעכן, זאָלסטו אויך מיך דערשטעכן, ווייל אָן אים קאָן איך ניט לעבן. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געבעטן אים, ער זאָל זיין צושטימונג געבן צו זייער פאַרבינדונג, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרשפּראָכן זיך מגייר זיין. אליעזר האָט ענדליך רחמנות געהאַט אויף רחל׳ן און איינגעשטימט. לעאָפּאָלד אָבער האָט זיין שבועה גלייך פאַרגעסן, און זיך צוריקגעקערט צו דער פּרינצעסין איידאַרא, אויף חתונה צו האָבן מיט איר.

ווען אליעזר האָט זיך פון דעם פאַרראַט דערוואוסט, האָט ער גע־שוואוירן זיך נוקם זיין אין דעם פאַרראַטער, אויפדעקן פאַר דער אינקווי־זיציע זיין פאַרברעכן, אז ער האָט געהאַט אינטימע באַציאונגען מיט א אידישער טאָכטער, ווען אויך ער מיט רחל׳ן וועלן דיזעלבע שטראָף ווי ער האָבן.

און גלייך אויף מאָרגן האָט ער מיט רחל׳ן געבראַכט די גאָלדענע קייט אינם פּאַלאַץ פון דער פּרינצעסין איידאַרא, פּונקט אין דער צייט ווען הויכע געסט האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמעלט צו פּזערן די חתונה פון דעם פּרינץ לעאָפּאָלד אַנָן פּרינצעסין איידאַרא. ווען רחל האָט דערזען דעם פאַררעטער אירן, איז זי אויף אזוי פיל אויפגערעגט געוואָרן, אז זי האָט פאַר אַלע געסט אויפגעדעקט דאָס גרויסע פאַרברעכן וועגן זיינע באַצי־אונגען מיט איר, און אינם פּראָצעס וואָס ס׳איז פאָרגעקומען זענען אַלע דריי: לעאָפּאָלד, אלעזר און רחל פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

איידארא אָבער, האָט אויף אזוי פיל ליב געהאט לעאָפּאָלד'ן, אז זי האָט מוחל געווען אים פאר זיין פאַלשקייט קעגן איר און זיך פארנעמען אים צו רעטן פונם טויט, זיך דערנידעריגט און געקומען אין געפענגע־ניש, וואו רחל האָט זיך געפונען, און מיט טרערן אין די אויגן זי געבעטן, אז זי זאָל רחמנות האָבן אויף לעאָפּאָלד'ן און זיך אָפּזאָגן פון דער באַ־שולדיגונג. רחל האָט תחילת אָפּגעוואָרפן איר בקשה. דאָס געוויין און יאָמער פון דער פּרינצעסין האָט אָבער סוף כל סוף ארויסגערופן איר מיטלייד, וועלכעס איז אויך געווען א נקמה אין דער פּרינצעסין איר צו באַווייזן, ווי ווייט זי שטייט העכער פון איר, אויף מוחל זיין דעם מאן, וועלכער, אויסער זיין פאַרראַט, האָט אויך גורם געווען דעם טויט פון צוויי אומשולדיקע פּערזאָנען.

דער שטאַט פּאַרוואַלטער, איז אין דער צייט געוואָרן קאַרדינאַל מיטן נאָמען: פראַנציקוס יאָהאַנעס פון בראַניי און פאַרגעשלאָגן אליעזר'ן ער זאָל זיך טויפן און דערמיט וועט ער זיך צוזאַמען מיט זיין טאָכטער רעטן פונם טויט. אליעזר איז אָבער אויף אזוי פיל פאַרפאָלגט געוואָרן און גע־ליטן פון דעם פריערדיגן שטאַט פּאַרוואַלטער, און איצטיגן קאַרדינאַל, אז ער האָט זיין נקמה־דורשט ניט געקענט שטילן, און כדי אים צו מאַכן פילן די נקמה, האָט ער פאַר אים אַנטפּלעקט, אז זיין איינציגע טאָכטער, איבער וועלכער ער האָט דאָס גאַנצע לעבן געטרויערט, גלויבנדיג, אז זי איז פאַרברענט געוואָרן, לעבט. א איד האָט זי געראַטעוועט פונם פייער וואָס האָט אין יענער צייט אויסגעבראָכן אין זיין הויז...

אומזיסט האָט דער קאַרדינאַל אים געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, ער זאָל אים זאָגן דעם נאָמען פון דעם אידן, און וואו ער געפינט זיך. אליעזר, האָט זיך אָבער צו זיין געבעט ניט צוגעהערט: — איך, נאָר איך, ווייס וואו דיין טאָכטער געפינט זיך! — איך אליין וואָלט זי דיר געקענט צוריקקערן! דער סוד וועט אָבער פאַרבלייבן ביי מיר ביז אינם לעצטן מאָמענט פון מיין לעבן. — און ווען אליעזר מיט רחל'ן זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און געבראַכט געוואָרן אויף אריינצוואַרפן זיי אין דעם גרויסן קעסל פון זודיגן בוימעל, און דער קאַרדינאַל איז אים געפאַלן צו די פיס ער זאָל אים איצט אינם לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן זאָגן וואו זיין טאָכטער געפונט זיך, האָט ער אין דעם מאָמענט ווען רחל

איז אריינגעוואָרפן געוואָרן אינם זודיגן בוימעל, אויסגעשריען: — אַט דאָרט אין דעם קעסל געפינט זיך דיין איינציגע טאָכטער!

דאָס איז אין קורצן דער אינהאַלט פון דער אָפּערא „די אידין״, וועלכע פּערזען עס האָט אָנגעשריבן דער פראַנצויזישער באַוואוסטער שרייבער „אייזשען סקריב״ און דעם תוכן און מוזיק — „הלוי״.

צופאר מיט לערך הונדערט יאָר איז די אָפּערא „די אידין״ צום ערשטן מאָל אין בערלין געשפּילט געוואָרן. און וועגן דער פייערונג וועלכע איז לכבוד דערזעלבער געפּייערט געוואָרן, דערציילט דער באַרימטער ליטעראַט, לודוויג פּיעטש., דער שעף רעדאַקטאָר פון דער „פאָסישע־צייטונג״ אין זיינע זכרונות:

„ביז דעם טאָג וואָס די אָפּערא „די אידין״ איז פאָרגעשטעלט גע־וואָרן, האָט נאָך קיין איינציגע אָפּעראַ ניט זוכה געווען צו אזא קעניגלעכן כבוד ווי „די אידין״.

ווען די אַריאַ וועלכע אליעזר (קרויז) האָט אויסגעזונגען אין די ווערטער:

ווען מיין באַשעפער האָט דיך רחל, פאר
אַ טאָכטער מיר געגעבן
האָב איך — דערלאַנגענדיג דיר די ערשטע
שפּייז — געשוואורן אויף צו שטרעבן
דיך גליקליך צו מאַכן און פארזיסן
אַלע טעג פון דיין לעבן.
דיך פון אַלעם בייז און אומגליק צו באַשרימען און פארהיטן
און איצט — ווי איז מיר — האָב איך מיט מיינע
אייגענע הענט צום קעסל דעם געגליטן
דיך איבערגעגעבן, אויף אַריינצוואָרפן און פארברענען
פאר מיין טויט עס צו זען, און דיך רעטן ניט קענען.

דאָס הערנדיג — זאָגט פּיעטש — האָט מיין האַרץ אַ ציטער געטון און פון מיינע אויגן האָבן טרערן געפלאָסן. צום לעצט זאָגט פּיעטש — איך האָף, אַז מיר וועלן זיך אָנטרעפן מיט דער 'אידין״ פי פיל מאָל, אויף אונזער בינע״.

(אָרימער פּיעטש! — פאר אַזעלכע ווערטער, ווען ער לעבט און זאָגט זיי ארויס איצט, וואָלט ער אין קאָנצענטראַציע לאַגער פארשפּאַרט גע־

ווארן.) — און פאר וואס דען ניט? — זאגט פיעטש, שפאסיג — די פילאסעמיטן וועלן האבן פארגעניגן צו הערן און זען די מוזיק און די אידישע טיפן וואס צייכענען זיך מיט איר אויס. און די אנטיסעמיטן, וועלן האבן דעם גרעסטן נחת רוח צו זען, ווי עס ווערט פאר זייערע אויגן, ארייגעוואָרפן אין א קעסל מיט זודיגן בוימעל א אידישע טאָכטער....

אין דעם שפּאס איז דאָ א שטיק אמת, ווייל מערערע קריסטליכע צושויער זעען אין אליעזר׳ן זיין גלויבנס גענאָסע „שיילאָק״. און דאנ־קענד דער שנאה וואס זיי פילן צו אליעזר איבער זיינע אומברחמנותדיגע געפילן צום קארדינאל און זיין פארשטיינערט הארץ, ניט וועלן זיך צו־הערן צו זיין געבעט, ער זאָל אים אנטפּלעקן וואו זיין טאָכטער געפונט זיך, ווערט אויך זייער הארץ פארשטיינערט, און די מיטליידס געפילן אויסגעלאָשן, ווען זיי זעען ווי זיין טאָכטער רחל — ווי זיי גלויבן — ווערט אפּגעקאָכט... און ערשט ווען זיי דערוויסן זיך, אז זי איז דעם קארדינאל׳ס א טאָכטער, ווערט די מיטלייד — וואס זיי האבן מיט איר — אויפגעוועקט, אבער זי ווערט גלייך פארוואנדעלט אין א פאראכטונג צו אליעזר׳ן.

„איז טאקע אליעזר׳ס נקמה א בארעכטיקטע, נאָכן אידישן גייסט און כאראקטער? — דאָס וועט דערקלערט ווערן אין שעקספּירס דראמא „שיילאָק״.

שעקספיר — וואָס ס'איז באַוואוסט — האָט קיינמאָל ניט געלעבט צווישן אידן, און מעגליך, אז ער האָט קיין אידן אויף זיין לעבן ניט געזען, ווייל נאָך צופאר מיט דריי הונדערט יאָר פאר זיין צייט (1290) איז שוין פארבאָטן געווען אידן צו באַזעצן זיך אין ענגלאַנד. אָבער די אידן פארפאָלגונגען איז אים געווען געוויס באַקאַנט, סיי פון דער ליטעראַטור און סיי וואָס ער האָט פון אנדערע מינדליך פארנעמען. אין זיינע צייטן איז דאָך פאָרגעקומען דער אורטייל, וואָס דער פויבסט סעקסטוס דער פינפטער (1585-90) האָט ארויסגעגעבן אויפן פאָרגעקומענעם פראָצעס צווישן דעם אידן שמשון צענעדא און דעם קריסט פאולא מאַריאַסעק, ביי וועלכן דער לעצטער האָט געפאָדערט דאָס פונט פלייש וואָס דער איד האָט זיך מתחייב געווען אויף אַ וועקסל, וואָס ער האָט אויף א ליצנות אַריינגעשטעלט. דאָס איז געשען אין יאָר 1586, און נאָך דער מיינונג פון מערערע היסטאָריקער, האָט שעקספּיר אויף דעם סמך פון דעם משפט זיין דראַמע „דער קויפמאַן פון ווענידיק” אָנגעשריבן, וועלכע איז אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע צום ערשטן מאָל אין יאָר 1594 און זיך אָפּגעדריקט אין 1600. און ווען שעקספּיר האָט פארביטן די יוצרות... דעם קריסט סעקי — אויף דעם איד שיילאָק, און דעם איד שמשון — אויף דעם קריסט אנטאַניאַ, איז עס ניט געווען כדי דעם אידן — אנשטאַט דעם קריסט — צו שטעלן צום שאַנדע קלאָץ, נאָר פשוט ער האָט ניט געפונען אין דער דראַמע קיין פּסיכאָלאָגישן מאָטיוו, וועלכער זאָל אין דער ווירקלעכקייט באַרעכטיקן די אכזריות'דיגע פאָדערונג פון דעם קריסט סעקי, צו דעם אידן שמשון. ניט דער ערשטער האָט ווען ניט איז געהאַט אַ סכסוך מיטן לעצטן, און ניט דער לעצטער האָט ווען ס'גיט איז זיך שלעכט באַגאַנגען מיטן ערשטן. און ווען אפילו סעקי, דער קריסט, זאָל פילן אין האַרצן א פאראַכטונג צום אידן, אַלס איד, קאָן אַזאַ פאראַכטונג ניט גורם זיין צו אַזאַ שרעקליך אַכזריות, פונם שטאַרקן קריסט, צום שוואַכן אידן.

א שטרעבונג צו אַזאַ נקמה האָט ניט קיין יסוד אין דער מענטשליכער פּסיכאָלאָגיע. דעם יסוד דאַרף מען זוכן נאָר אינם האַרצן פון דעם מענטשן, אין וועמענס האַרץ עס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אַ שרעקליכער האַס צו דעם וועלכער האָט אים אַליין שרעקליכע שמערצן פאַרשאַפט, און זיין פאָלק, און אויך זיין גלויבן איז פון דעם אכזר׳ס גלויבנס־ברידער כסדר באַליידיקט געוואָרן אויף א גרויזאַמען אופן. שעקספּיר האָט פאַרשטאַנען — ווען ער האָט אפילו צווישן אידן ניט געלעבט — אַלץ וואָס ס׳איז מיט בלוט פאַרשריבן אויפן אידנס האַרץ, די געשעענישן פונם מיטלאַלטער, אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען צו שילדערן דעם כאַראַקטער פון די אַלטע רוימער, ווען אויך ער האָט זיי אין זיין לעבן ניט געזען.

און ווייל ער האָט פאַרשטאַנען דעם אידנס ליידן, וועלכע פירן אים צו פאַרצווייפלונג, האָט ער אַריינגעבראַכט אין אידנס מויל די ווערטער אויף צו רעכטפעדטיגן די פאָדערונג זיינע פון דעם אכזר אנטאַניא, ער זאָל זי פינקטליך דערפילן... ער האָט אַנדערע ווערטער ניט געקענט אַריינגעבן אין שיילאָק דעם אידנס מויל, ווען אויך ער אַליין זאָל געווען לעבן צווישן אידן אין די צייטן פון היינטיך דעם דריטן, וועלכער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אַרויסצוטרייבן אידישע ציין, ביז זיי האָבן ניט אים איבערגעגעבן זייער גאַנצן פאַרמעגן.

אנטאַניא! — זאָגט שיילאָק, אַ פאַרביטערטער — וויפיל מאָל האָסטו מיך באַליידיקט אין דער עפנטליכקייט, אָן אַ באַרעכטיקטן מאָטיוו? וויפיל מאָל האָסטו מיין פּנים מיט שאַנדע באַדעקט, און מיך מיט די שענדליכסטע נעמען אָנגערופן?

ווען עס ווערט שיילאָק׳ן געשטעלט די פראַגע, פאַרוואָס דער האַס זיינער צו אנטאַניא איז אַזאַ גיפטיקער? — ענטפערט ער: — ער, אנטאַניא, האָט שטענדיק מיך אויסגעלאַכט, געלעסטערט מיין פאָלק, און געשענדעט מיין גלויבן; דעם גרעסטן שאָדן געבראַכט צו מיין מסחר, דערווייטערט פון מיר מיינע פריינט און באַקאַנטע; אָנגערייצט מיינע שונאים מיך צו פאַרניכטן. איך בין אַ איד! נו, האָט דען דער איד קיין הענט ניט, האָט ער ניט קיין גלידער, קיינע געפילן, ווי דער קריסט? דערנערט ער זיך דען ניט מיט דעם אייגענעם ברויט ווי דער קריסט? ווערט ער דען ניט פאַרוואונדעט מיט דעם זעלבן וואָפן ווי ער? ווערט

ער דען ניט קראַנק אויף דערזעלבער קרענק? היילט ער זיך דען ניט מיט דיזעלבע רפואות? פארקעלטעט ער זיך דען ניט אין ווינטער, און ליידט ער דען ניט קיין היץ אין זומער גלייך ווי דער קריסט? ווען מע שטעכט אים, פליסט דען ניט קיין בלוט פון זיין קערפער? ווען ער ווערט פאר־גיפטעט, שטאַרבט ער דען ניט גלייך ווי דער קריסט? און ווען דער איד איז מיט די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן גלייך צום קריסט, פאר וואָס זשע זאָל ער אויך זיך ניט פארגלייכן צום קריסט מיט נקמה? ווען אַ איד זאָל אויף דער אָרט באַליידיגן אַ קריסט, מיט וואָס וועט ער שטילן זיין כעס ווען ניט מיט נקמה? יאָ, איר, נאָר איר קריסטן האָט מיך אויסגעלערנט די אומווירדיגע לערע פון נקמה, איר זענט מיין לערער, און איך בין גע־וואָרן דער געהאָרכזאַמער שילער...

אָט פון די אַלע ארויסגעזאָגטע ווערטער, וואָס שעקספיר האָט אריינ־געלעגט אין שיילאָק׳ס מויל, איז צו זען, אז ער האָט געזוכט צו איבער־צייגן, אַז שיילאָק׳ס האַס און זיין דורשט צו נקמה, ליגט ניט אין זיין כאַראַקטער. ס׳איז נאָר אַ קאָנסעקווענץ פון זיין פארצווייפעלטער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען; אַ קאָנסעקווענץ פון דער לערע וואָס אנדערע האָבן אים געלערנט.

שעקספיר האָט איבערצייגט אונז, אז שיילאָק פארגעסט ניט אויף איין מאָמענט, אַז דער האַס און די נקמה זענען ניט די אייגנשאַפטן פון זיין פילנדער נשמה. די מיאוסע אייגנשאַפט זענען אים דערווידער, זיינע פיינט און באַליידיגער האָבן אים געצוואונגען אזעלכע אָנצונעמען. און דאָ איז צו באַמערקן אז שעקספיר האָט דאָך ניט פארשטאַנען דעם „איד" אין שיילאָק. ער האָט בלויז שיילאָק, „דעם מענטשן" געשילדערט, און ניט שיילאָק, דעם „אידן"...

די אידישע תורה בכלל, און דאָס אידנטום בפרט, האָט שעקספיר ניט געשטודירט, צו דערוויסן זיך דעם איינפלוס וואָס די זעלבע האָבן אויפן אידן געהאַט, איינצופלאַנצן אין אים די מאָראַלישע קראַפט, וועל־כע איז א ירושה׳דיגע פון זיינע אור אורעלטערן, אַ קראַפט וואָס רופט זיך געדולד... איבערצוטראָגן און ליידן די שווערסטע ליידן און ניט פאר־לירן דאָס געדולד, אויף צו פארוואַנדעלט ווערן אין א חיה, וואָס פאר־ציקט... און ווען עס טרעפט, אַז דער איז זיך צומאָל נוקם אין דעם אכזר

וואָס האָט אים די גרעסטע שמערצן פאַרשאַפט, איז די נקמה ניט אַ מדה כנגד מדה׳דיגע, מיט דער זעלבער אכזריות זיך נוקם צו זיין. דער איד באַנוצט ניט קיין אכזריות אין דער נקמה. דער איד פאַרקוקט צומאָל אַ געבאָט, אין וועלכער עס פילט זיך אַ גרויזאַמקייט. האָבן דאָך אונזערע חכמים דעם געבאָט פון „עין תחת עין״ אין וועלכער עס מערקט זיך אַ איבערטריבנקייט ניט בוכשטעבליך דערקלערט. אויך אין פאָלקס מלחמות געגן זיינע פיינט, איז בשום אופן ניט צו מערקן דאָס אכזריות, וואָס עס גייט אָן אין דער ציוויליזירטער און פראָגרעסיווער צייט. דאָס אידישע פאָלק האָט ניט אומגעבראַכט אומשולדיגע פרויען און קינדער מיט דער אכזריות וואָס ציוויליזירטע באַגייען. די צוויי אידישע העלדן שוואַרצבארד און גרינשפאַן, וועלכע זענען באַגאַנגען אַ נקמה אַקט, ווייל זייערע אידישע נשמות זענען אָנגעווייטיקטע געווען איבער די שרעקליכע בעסטיאַלישע אכזריות, וועלכע איז אויסגעאיבט געוואָרן קעגן זייער פאָלק איז דען דער נקמה אַקט געווען אַ אכזריותדיקער אַקעגן דאָס אכזריות וואָס מען איז באַגאַנגען און מע באַגייט קעגן אידישן פאָלק?

און דעריבער האָט ער די האַנדלונג שיילאָק׳ס אין ביז גאָר אַ איבערגעטריבענער מאָס געשילדערט. ער האָט פאַרשוויגן די מעלות פונם אידן - שיילאָק, און געשילדערט — ווען אויך ער האָט געזוכט זיי צו באַרעכטיקן — די חסרונות פון שיילאָק דעם מענטשן...

אויך היינע פאַרטיידיקט שיילאָק׳ן אַלס מענטש, זאָגנדיק: „שיילאָק, איזט, מיט אויסנאַהמע פאַרציאַ׳ס, די אַכטונגסווערטעסטע פּערזאָן, אין גאַנצען שטיק; ער ליעבט צוואַר דאָס געלד, ער פאַרשווייגט ניכט דיעזע ליעבע, אַבער עס גיעבט עטוואָס, וואָס ער, נאָך העהער שעטצט אַלס געלד, נעמליך, די גענוגטהואונג פיר זיין בעליידיגטעס הערץ... די גערעכטע וויעדערפערגעלטונג... ניין, שיילאָק ליעבט צוואַר דאָס געלד, אָבער עס גיעבט דיעזע, די ער נאָך מעהר ליעבט, אונטער אנדערם — זיינע טאָכטער: יעסיקא מיין קינד״...

אויך בערטאָלד אויערבאַך זעט אין שיילאָק׳ן דעם מענטשן, ניט דעם „אידן, שרייבנדיק: „די טראַגישע סימפּאַטיע פון שיילאָק״... „שיילאָק ערשיינט גרעסער אַלס די גאַנצע מאַסקענשפּיעלענדע לייכטפאַרטיגער קריסטענהייט... יאָ, שיילאָק איז אַ מענטש, ניט קיין איד... אויך נאָך היינען און אוירבאַכ׳ן...

## טיפן און געשטאלטן

די אנטיסעמיטישע טעאטער באזוכער זען אבער אין שיילאָק'ן ניט דעם „מענטשן", נאָר דעם „אידן", וועלכער איז נאָך זייערע פינסטערע געדאנקען, חשוד אויף אלדאָס בייז. אין זייער מוח איז ניטאָ קיין איין ווינקעלע אין וועלכעם ס'זאָל זיך געפונען א ליכטיקער שטראל אויף צו באלייכטען און בארעכטיקן שיילאָק'ס האנדלונג קעגן אנטאניא.

און דאָס זעלבע איז אויך צו זען ביי דער אָפּערא „די אידין". דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר הלוי זעט אויך אין זיין העלד אליעזר נאָר דעם מענטשן און ניט דעם אידן. ער, הלוי, האָט זיך געגריבעלט אין דער „מענטשליכער" נשמה פון אליעזר'ן און ניט אין דעם אידנס... די מענטש־ליכע נשמה וועלכע איז א אָנגעווייטאקטע געוואָרן פון די — פונם גע־וועזענעם שטאט פּארוואלטער, און איצטיקן קארדינאל — פארשאפּענע ליידן. די ליידן האָבן אלעזר'ן, דעם „מענטשן", געבראכט צו דער נקמה. און ווען דער קארדינאל זאָגט צו אים: „אליעזר זיי איצט מער באשיידן, איך וועל דיר די טויט־שטראָף פארמיידן, דיר דיין פרייהייט וועל איך צוריק געבן און דיין פריינט ווערן דאָס גאנצע לעבן. מיין שלעכטע האנד־לונג קעגן דיר פארצייי מיר. מיין גאנץ לעבן וועל איך געטריי זיין דיר". אליעזר אָבער ענטפערט אים: — „גענוג, גענוג דיר צוברייען דיר וועל איך קיינמאָל ניט פארצייען".

און ווען רחל אליין זעט ווי דער קארדינאל הויבט אויף זיינע הענט אין א געבעט, אז גאָט זאָל מוחל זיין אליעזר, ווען אויך ער ווייזט ארויס זיין שנאה צו די קריסטן, ווייל דער חוב פון א קריסט איז מוחל זיין זיינע שונאים. ווען זי זעט דאָס אלעס צו, בעט זי איר געמיינטן פאָטער אליעזר:

— „זע פאָטער! ווי גרויס זיין טאָלעראנץ איז,<br>וועלכע ער ווייזט ארויס קעגן אידן,<br>ווי גרויס און ווייטאקלעך זיין שמארץ איז<br>דאָך ווינשט ער זיי דעם בעסטן פרידן".

אליעזר אָבער, ענטפערט איר: ?

„ניט זיין טאָלעראנץ, ניט זיין גוט הארץ<br>וועט אויסהיילן מיין — פון אים געליטענעם שמארץ.<br>און מיין נקמה דורך דעם שטילן

אויף נאָכצוגעבן זיין געגאַרטן ווילן.
יעדער קריסט, וועט זיך ניט אָפּהאַלטן דעם
אידנס בלוט פאַרגיסן,
ווען אויך זיינע ליפּען שעפּטשען אַ תפלה
דער איד זאָל אויך גוטס געניסן."

הלוי האָט אין אכט גענומען דעם מענטשן אין אליעזר'ן גלייך ווי שעקספּיר אין זיין שיילאָק, אויף צו באַרעכטיקן זיין נקמה דורשט. דער „איד" אליעזר ווייסט אָבער ניט פון אזא גרויזאַמע נקמה, ווען אויך זי איז באַרעכטיקט... דאַגעגן אָבער איז צו זען אין רחל'ן. די אמת'ע „אידין". וועלכע האָט פאַרציכט איר נקמה אין לעאָפּאָלד, און מיט איר מוחל זיין, אינם פונם טויט געראַטעט. און ניט אומזיסט האָט ער — הלוי — דעם נאָמען פון דער אָפּערא אָנגערופן: „די אידין", ווען אויך דער הויפּט העלד איז אליעזר... דעם נאָמען „די אידין" האָט רחל פאַרדינט פיל מער ווי אליעזר דער מענטש.

און איצט קומען מיר צו דער דריטער הויכער פּערזענליכקייט, צו לעסינג, דער מחבר פון „נאטאן דער ווייזע".

נאטאן דער ווייזע איז פאַר לעסינגען געווען ניט נאָר אַ דערהויבענער „מענטש", נאָר אויך אַ דערהויבענער איד... לעסינג האָט זיין העלד נאטאן'ס אידישע נשמה פאַרשטאַנען. לעסינג וואָס איז אַליין פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער טאָלעראַנצלאָזיגקייט און אונגעדולדיגקייט פון מערערע זיינע צייט גענאָסן, האָט געזוכט אַ העלד צו זיין דראַמאַ, וועלכער זאָל זיין באַזעלט מיט דערהויבענע גייסטיקע אייגנשאַפטן, מיט מאָראַלישע פּרינציפּן וואָס שטאַמען פון אַ ריינעם קריסטאַליזירטן קוואַל, וועלכער זאָל זיין מסוגל צו ווערן אַ פּרעדיגער צו טאָלעראַנץ, געדולדזאַמקייט, ליבע און ברידערליכקייט. אין די אידעאַלן וועלכע זענען געווען זיין גייסטיגער באַזיץ האָט ער געפונען אין נאטאנען, דעם איד פון דעם אלטן פאָלק אין וועלכן עס האָבן אויסגעוואַקסן די נביאים און די געזעצגעבער.

לעסינג איז געווען אַ זון פון אַ גייסטליכן, און האָט זיך אַליין צוגעגרייט צו ווערן אַ גייסטליכער און האָט אין דער יוגנט שטודירט און פאַרשטאַנען די גרויסע ווערט פון תורת משה, און די לערע פון די נביאים און אויך זייער פאַרהעלטעניש צו דער לערע פון אנדערע רעליגיעס, און

## ט י פ ן   א ו ן   ג ע ש ט א ל ט ן

דאָס אַלעס האָט זיך אין אים פאַרפאַלקאָמענט אינם משך פון דער צייט, אַלץ מער און מער, דורך זיין באַפרייענדעט ווערן מיט מענדעלזאָנען. דורך דעם חבר, אין וועלכן ס'איז פאַרקערפערט און פאַרבונדן געוואָרן די זיט־ליכע לערע פונם אידנטום צוזאַמען מיטן לעבנס פאַרנונפטיגקייט... האָט לעסינגן געגעבן צו פאַרשטיין, אז די אידנטימליכע תורה, די תורה פון ריינער ליבע, און אמת'ע ברידערליכקייט, איז ניט א באהאַלטענע אין ספרים, נאָר זי לעבט אין די געצעלטן פון יעקב, און אין די וואוינונגען פון ישראל... און דוקא די מענטשן וואָס טראָגן די פאָן פון דער תורה זענען די פאַרפאָלגטע, און אומזיסט געפייניקטע. און דער העלד זיינער, נאטאן, איז איינער פון זיי, און אין זיין מויל האָט ער אריינגעגעבן די תורה וואָס ער האָט פאַרשטאנען. און ניט נאָר וואָס ער האָט פאַרשטאַנען, נאָר אויך פאַרשידענע אידישע חכמים אין פאַרשידענע תקופות האָבן עס צופאַר ארויסגעזאָגט.

און ווייל ביי לעסינג איז געווען דער עיקר, ער זאָל פאַרקערפערליכן אין זיין העלד, די אַלגעמיינע געשריבענע און טראַדיציאָנעלע אידישע תורה, כדי צו זיין אומשטאַנד צו דערפילן די אויפגאַבע אויף צו פּרע־דיגן טאָלעראַנץ, ליבע און גדולה, דעריבער האָט ער זיין העלד באַגאבט, נאָר מיט דער מאָראַלישער זייט פונם אידנטום, און ניט מיטן היסטאָרישן...

אין נאטאן איז צו זען נאָר דאָס אַבסטראַקטע אידנטום, און ניט דאָס מציאות'דיגע... און ווען די אנדערע פון זיינע העלדן איז דערלויבט צו אויפרעגן זיך צומאָל, נאָך זייערע נאַטירליכע אייגנשאַפטן, האָט ער זיין העלד נאטאן, ניט דערלויבט. אים, דעם העלד, וואָס האָט אזוי פיל גע־ליטן אין זיין לעבן, דעם העלד ביי וועמען זיין פרוי און זיבן קינדער זענען דערמאָרדעט און פאַרברענט געוואָרן, דעם העלד גיט ער דעם כוח פון טאָלעראַנץ און גדולה.

— „די פאַטריארכען און טעמפּעלהעררען — זאָגט ער — פערמאָגען דעם בעזען ניט זאָ פיעל צו טהון, דאָס אירגענד וואָס מיך רייצען קאָנ־טע"... די ווערטער זאָגט ער ווען ער איז שרעקליך פאַרביטערט. און אזוי זעען מיר אז לעסינג האָט אין זיין נאטאן דעם אידן גוט געשטודירט און פאַרשטאַנען. צוויי הונדערט יאָר זענען אינגאַנצן פאַריבער פון לעסינגס

עפּאָכע ביז היטלערס... און ווי גרויס דער אונטערשיד איז פונם דייטש לעסינג ביז להבדיל דעם דייטש היטלער...

זאָל אָבער די גאָבעלע פּערזאָן, די ליכטיקע פּערזענליכקייט לעסינג, זיין פאר אונז א טרייסט אין דער געגנווערטיגער צייט, אין וועלכער זיי־נע שטאם ברידער פארשאפן אונז אזוי פיל שאנדע, דערקלערן דעם אידן אַלס די נידעריגסטע באשעפעניש צווישן מענטשן, אַלס פון דער גע־מיינסטער ראסע א אָבשטאמער, האָט לעסינג דעם אידן אויף דער העכס־טער מדרגה פון עטישע אייגנשאפטן געשטעלט. אים באצירט מיט א גע־פלאָכטענעם קראַנץ, פון די שענסטע בלומענדיגע מעלות פון טאָלעראַנץ, ליבע אָן אונטערשיד פון צו אייגענע און פרעמדע. אָפּפערוויליגקייט און פאָטערליכע איבערגעבנקייט צו דעם קריסטליכן אדאָפּטירטן קינד. און א טיף גלויביגער אין שלום וואָס עס וועט הערשן צווישן איד און ניט איד.

און זאָל אויך דער איד, נתן החכם, זיין א מוסטער פאר די פחדנים, וואָס צולויפן זיך ווי די מייז זיך צו רעטן פון די ווילדע קעץ, אין די לע־בער, אין וועלכע זיי ווערן דאָרט דערשטיקט און הויכן אויס די אידישע נשמה... זאָל נתן דעם חכם זיי איבערציינגן, אז דער אידישער בוים־שטאם, איז טיף און פעסט איינגעוואָרצלט, און וועט ניט אָפּשטארבן, ווען אויך דער בוים ווערט מערערע מאָל צעטרעסלט, דורך שטורמס און בייזע ווינטן... זאָל נתן החכם זיי באווייזן ווי פעסט זענען אויך די צווייגן, אין וועלכע די ווערם זוכן זיי צו שעדיגן. שטאַרק און פעסט זענען זיי, אויף אַראָפּצוטרייסלען פון זיך די אומווירדיגע ווערם. און ווען אייניגע בלעט־לעך אויף זיי ווערן דורך די ווערם געלעכערט, און פאלן אראָפּ, שרעקט עס זיי ניט אָפּ. די אַראָפּגעפאַלענע בלעטלעך ווערן אויך ווייט פונם בוים צעפרעסן פון די ווערם... און די געזונטע לאָכן זיך אויס פון זיי...

און איצט, חשובע לייענער, לייענט, אָדער ריכטיגער געזאָגט, לערנט מיט באַדאַכט די דראַמע „נאַטאַן דער ווייזע”. זי — די דראַמע — וועט יעדן באַוואוסטזיניגען און פאַרנונפטיגן אידן פארשאפן דאָס גרעסטע פאַרגעניגן און אין אים אַריינפּליסן דעם גרעסטן שטאָלץ, און אים דער־מוטיקן און שטאַרקן צו דולדן די ליידן, און מוטיק דערוואַרטן די צייט, אין וועלכער דאָס פינסטערניש וועט פארשווינדן ווערן, און א העלער ליכ־טיגער טאָג וועט דערשיינען...

# נ א ט ן  ד ע ר  ו ו י י ז ע

## ( נ ת ן  ה ח כ ם )

פון **גאטהאלד אפרים לעסינג**

א דראמאטישע אפהאנדלונג איבער גלויבן און רעליגיע.

א איבערזעצונג פון דייטשן און פריי באארבעט פון

**מ ש ה  ר ו ב י ן**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

**סאלאדין:** דער סולטאַן

**סיטאַ:** זיין שוועסטער

**נאַטאַן:** דער ווייזע (נתן החכם) אַ אידישער רייכער מאַן אין ירושלים

**רחל:** זיינע אַדאָפּטירטע טאָכטער

**דאַיאַ:** רחל׳ס אַ גאַוווערנערין — אַ קריסטין

**טעמפּעלהער:** אַ יונגער קריסט פונם טעמפּל אָרדן

**אלחאפי:** אַ דערווויש, סאַלאַדינס פינאַנץ מיניסטער

**פּאַטריאַרך פון ירושלים:**

**אַ מאַנאַך**

**קאָמערדינער, קאַמערפרייליינס, אידן, קריסטן און מוסולמענער**

די געשיכטע קומט פאָר אין ירושלים אין דער צייט פון די קרייצציגער

# ערשטער אקט

## ערשטעס בילד

(ביי נאטאנען אין הויף)

(נאטאן קוט אָן פונם וועג, און דאיא לויפט אים אקעגן.)

**דאיא** — (מיט פרייד) דאָס זענט איר הער נאטאן? דאַנקן גאָט! טאַקע א לאַנגע צייט זיך פארזאמט, אָבער דאָך זענט איר שוין אין דער היים!

**נאטאן** — אזוי לאַנג זיך געזאמט — זאָגסטו דאיא? אָבער, האָב איך דען געקענט פריער קומען? איז עס דען מעגליך געווען? — פארגעס ניט, דאיא, אז מיין רייזע איז געווען פון ירושלים קיין בבל, א שטרעקע פון צוויי הונדערט מייל. הייגט, בין איך דאָך אויך אין בבל ליידיק ניט געזעסן. איך האָב דאָך אויסגעשפּאנט גאַנץ באבי־לאָניע אין דער לענג און די ברייט; דאָ האָב איך געדאַרפט סחורות איינקויפן, דאָרט חובות פון מיינע קרעדיטאָרן איינקאסירן.

**דאיא** — אך הער נאטאן! וואָס פאר א אומגליק אייך האָט דאָ שיר ניט געטראָפן! — אייער הויז...

**נאטאן** — (פאַלט אריין אין די רייד) — האָט געברענט? איך האָב עס נאָך אויפן וועג געהערט.

**דאיא** — נאָך איין מאָמענט — וואָלט פונם גאַנצן הויז א הויפן אַש פארבליבן.

**נאטאן** — וואָס זשע דענקסטו וואָלט געווען, דאיא? וואָלט איך א נײַ־ער אויסגעבויט.

**דאיא** — יאָ, ריכטיק, אָבער שיר־שיר, וואָלט רחל פארברענט געוואָרן.

**נאטאן** — רחל שיר פארברענט געוואָרן! (מיט ציטער) אך גאָט! זאָג דאיא, לעבט רחל, שנעלער זאָג, זי איז ניט פארברענט געוואָרן?...

**דאיא** — דער אומגליק, איז גאָט צו דאַנקען, ניט געשען.

**נאַטאַן** — אָך ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן! רחל, מיין טייערע טאָכטער!

**דאיא** — אייער טאָכטער?...

**נאַטאַן** — אַז וויי וואָלט מיר געווען, ווען איך זאָל דאַרפן אויפהערן רופן זי טאָכטער.

**דאיא** — איך וואָלט אייך ניט מקנא געווען נאַטאַן, ווען איר זאָלט האַלטן אייער פאַרמעגן פאַר אייערס, ווי איר האַלט רחל'ן פאַר אייערע...

**נאַטאַן** — האָסט א טעות דאיא. איך האָב ניט אַזאַ רעכט צו רופן מיין פאַרמעגן, ווען אויך איך האָב עס מיט מי און פליים דערוואָרבן — מיינס, ווי איך האָב דאָס רעכט אויף רחל'ן צו זאָגן — מיינע — וועלכע איך האָב זי דורך צדקה און מעשים טובים באַקומען...

**דאיא** — אָ, הער נאַטאַן צו טייער האָט איר זיך געלאָזט פון מיר באַצאָלן פאַר אייערע מעשים טובים, וועלכע איר האָט געטון, כדי אייער ציל צו דערגרייכן.

**נאַטאַן** — מיין ציל צו דערגרייכן? וואָס פאַר א ציל האָב איך:

**דאיא** — אָ! מיין ריין אומשולדיק הארץ... מיין געוויסן פּלאָגט מיך...

**נאַטאַן** — וואָס נוצן דיר, דאיא, דיינע אַלטע צרות... איך האָב פאַר דיר אין בבל א טייערן מאַנטל געקויפט, אפילו רחל'ן האָב איך אַזעלכן ניט געקויפט.

**דאיא** — וואָס קומט מיר ארויס... אַז מיין געוויסן לאָזט מיך ניט רוען.

**נאַטאַן** — און אוירנגליך, און פינגערלעך, און א בראַסליעט.

**דאיא** — דאָס איז דאָך אייער נאַטור, נאָר איר שיינקט, און גיט מיטן גאַנצן האַרצן...

**נאַטאַן** — נו, נעם זשע עס טאַקע מיטן גאַנצן הארצן, אַזוי ווי איך גיב, און שווייג...

**דאיא** — „און שווייג”? אָט דאָס איז דאָך טאַקע מיין שמערץ... ווירקליך קיינער קאָן ניט צווייפלען, אין אייער עדלען כאַראַקטער, אין אייער גוט הערציגקייט... נאָר ביי אַלעם דעם?

**נאַטאַן** — בין איך פאָרט א איד — א יאָ דאיא, דאָס ווילסטו זאָגן?

**דאיא** — יאָ, ריכטיג איר האָט געטראָפן.

**נאטאן** — נו, שווייג זשע דאיא.

**דאיא** — שווייג איך טאקע... אי די זינד פאר מיין גאָט? נעמט איר עס אויף זיך נאטאן?

**נאטאן** — יאָ, אויף מיין קאָפּ זאָל די זינד פאלן. אָבער זאָג מיר בעסער, וואו איז רחל איצט? ווייסט זי שוין אז איך בין געקומען?

**דאיא** — א פראגע צי זי ווייסט! ווען אויך אָלע נערוון זענען איר צערודערט, און ווערט אָלע מאָל היסטעריש. און ווען נאָר זי האָט דערהערט דעם טריט פון די קעמלען, האָט זי א פריידיקע א געשריי געטון: דער פאָטער איז געקומען!

**נאטאן** — אָרימעס קינד!

**דאיא** — איך בין גלייך ארויסגעלאָפן אין הויף — און אייך שוין געטראָפן. יאָ, זי האָט די גאנצע צייט , זייט איר זענט אוועקגעפאָרן, אייער נאָמען פון איר מויל ניט אַרויסגעלאָזט. און נאָך דער שרעקבע געשעעניש, רעדט זי נאָר וועגן אייך און וועגן אים...

**נאטאן** — וועגן אים? (נאטאן פארוואונדערט) — וועגן וועמען מיינסטו דאיא?

**דאיא** — נו, זעלבסטפארשטענדליך, וועגן דעם וואָס ער האָט זי פונם פייער גערעטעט.

**נאטאן** — (אַ אויפגערעגטער) — ווער זשע איז ער דאיא? און וואו איז ער?

**דאיא** — ער איז אַ קרייצן־טרייגער, פונם טעמפּל־ארדן, אַ יונגערמאן, וועלכן מע האָט געבראכט אַהער קיין ירושלים אַלס געפאַנגענעם, נאָר דער סולטאן סאלאדין האָט אים דאָס לעבן געשענקט!

**נאטאן** — (פארוואונדערט) — אַ טעמפּלער, אַ קריסט, איז אַ לעבעדיקער אַרויס פון סאלאדינ'ען? און דער נס, האָט געבראכט אַ צווייטן נס... ער זאָל זיין דער רעטער פון מיין טאָכטער... וואו איז ער, דאיא? איך בין דאָך אים דעם גרעסטן דאנק שולדיק, אָבער ניט מיט מיין מויל וועל איך אים דאַנקען, נאָר מיט מיין פארמעגן. האָט איר אים דערווייל מיט א לוין באַלוינט? האָט איר אים פארשפּראָכן אַז ער וועט ערשט פון מיר באַלוינט ווערן?

**דאיא** — ווי אזוי האָבן מיר דאָס געקענט טון, אז אזוי ווי מיר האָבן ניט געוואוסט פון וואנען ער איז געקומען, אזוי ווייסן מיר ניט וואו ער איז אהינגעקומען; ווען מיר האָבן — אין דער צייט ווען ס'איז פאָרגעקומען די שרפה — א געשריי געטון ראטעוועט זי! איז ער, ווי פון דעם הימעל אראָפגעפאלן, מאָמענטאל איז ער ווי מיט פליגעל אינם פלאם פייער אריין, און אין איין אוגענבליק איז ער שוין ארויס מיט רחל'ן אויף די הענט. און ניט הערנדיק אונזער'ע דאנק אויסגעשרייען, איז ער פארשוואונדן געוואָרן.

**נאטאן** — איך פארהאָף, אז דאָס איז ניט אויף לאנג.

**דאיא** — יאָ, אין איניגע טעג ארום האָבן מיר אים געזען שפאצירן צווישן די פאלמען, וואָס איבער אונזער יעזוס קבר. ווי א וואנזיניגע בין איך געלאָפן צו אים, איך האָב אים געדאנקט פאר זיין אָפפערן זיך פאר רחל'ן, און האָב אים מיט טרערן געבעטן, און אויך באַשוואוירן מיט אלע הייליגע אונזערע, ער זאָל אמוועניגסטן איינמאָל א קוק טון אויף זיין גערעטעטן קרבן, ער האָט אָבער מיין געבעט אין אכט ניט גענומען, און האָט מיך נאָך אויסגעזידעלט פאר מיין צודרינגליכקייט; און פון דעמעלט אָן, שוין א היבשע צייט, זעט מען שוין אים מער ניט שפאצירן. עס וואונדערט אייך, הער נאטאן?

**נאטאן** — איך הויב מיך ניט צו וואונדערן. איך שטעל מיר נאָר פאָר, וואָס פאר אנ'איינדריק דאָס האָט באדארפט מאכן אויף רחל'ן, דער־וויסנדיק זיך, ווי א מענטש, וועלכער האָט זיין לעבן איינגעשטעלט פאר איר, איגנאָרירט זי, און וויל ניט רעכט אָנקוקן די פערזאָן וואָס ער האָט גערעטעט. און זי מוז געוויס גלויבן, אז דער רעטער אירער איז ניט קיין מענטשליכעס וועזן, נאָר א מלאך פון גאָט? יאָ — דאיא — איך קאָן רחל'ן מיט אירע פאנטאזיעס, אָבער די נארישע פאנטאזיע האָט קיין ממשות ניט...

**דאיא** — גאנץ באשטימט — הער נאטאן — איר איינציגער געדאנק אצינד איז נאָר, אז איר רעטער איז ניט קיין מענטש, נאָר א מלאך, פארשטעלט אין א טעמפעלער.

**נאטאן** — און דאָס איז דאָך פאר דיר, דאיא, ווי געוואונשן...

**דאיא** — לאכט ניט הער נאטאן, מיר אלע לעבן מיט פאנטאזיעס, אלע

פאַנטאַזירן יר, און די פאַנטאַזיע איז זער אַנגענעם....

**נאַטאַן** — נו, איז די פאַנטאַזיע אויך מיר אַנגענעם... גיי בעסער, דאַיאַ, און ערוויס זיך אויב איך קאָן איצט מיט רחל'ן רעדן? און נאָכדעם וועל איך פאַר איר שוין אָפּזוכן איר פאַנטאַסטישן מלאך.

**דאַיאַ** — דאָס איז ניט אַזוי לייכט, ווי איר דענקט, הער נאַטאַן.

**נאַטאַן** — ווען אַ פאַנטאַזיע איז אַנגענעם, מעג דאָך אַנ׳אמת אודאי זיין אַנגענעם... גלויב מיר, דאַיאַ, אַז אַ מענטש ביי אַ מענטשן, אַ מענטש, וואָס האָט די ווערט זיך צו רופן מיט דעם נאָמען מענטש, איז פיל מער חשובער ווי אַ מלאך... דו וועסט נאָך זען, דאַיאַ, ווי אונזער פאַנטאַזיאָרקע אויף מלאכים, וועט אויפהערן צו טרוימען וועגן זיי...

**דאַיאַ** — אַ. הער נאַטאַן! איר זענט צו גוט, אָבער מאַנכע מאָל אויך צו שלעכט... איך גיי צו איר.

(אין דעם מאָמענט אָבער קומט רחל אַליין אַריין.)

**רחל** — (האַלזט און קושט נאַטאַנען) — אַך פאָטער! פון אַזאַ געפערליכן ווייטן וועג האָסטו זיך צוריקגעקערט, איז דיר ווייט געווען נאָך די עטליכע טריט, אַריינצוקומען צו מיר אין צימער? צו מיר, אומגליקליכע פאַברענטע רחל! ווייל ווי פיל האָט דען געפעלט איך זאָל אינגאַנצן פאַרברענט ווערן? אַך! ווי שרעקליך אַזאַ טויט איז!

**נאַטאַן** — אַ, טייערע טאָכטער! אַנטשולדיק מיר. די איבעראַשונג פון דער נאַכריכט וואָס דאַיאַ האָט מיר מיטגעטיילט וועגן דאָס אומגליקליך - גליקליך געשעעניש, האָט מיך צעטומעלט אין דעם מאָמענט...

**רחל** — ווי פלאַטערן פליגט אין מיר דאָס האַרץ דערמאַנענדיק זיך, אַז דו פאָרסט דאָרט ערגעץ מיטן ים, מיטן ירדן, חדקל און פרת, נאָר זייט איך האָב פאַר זיך געזעען דעם פייער־טויט, ווייזט זיך מיר אויס, אַז דער וואַסער־טויט איז גאָרניט אַזוי שרעקליך. אָבער אַ דאַנק דעם אַלמעכטיגן גאָט, וואָס דיך, ליבער פאָטער, האָט ער געהיט זאָלסט ניט אומקומען פון אַ וואַסער־טויט, און מיך האָט ער דורך זיין מלאך געראַטעוועט פון אַ פייער־טויט, דורך דעם מלאך מיט די שניי ווייסע פליגעל.

**נאטאן** — מיט ווייסע פליגעל, טאָכטער, מיינסטו אודאי די ברייטע ווייסע ריזע וואָס די טעמפּעלהערן טראָגן?

**רחל** — ניין פאָטער, פּנים על פּנים האָב איך מיין אמת'ן מלאך פונם הימעל געזעען.

**נאטאן** — מיין טאָכטער זאָל זען א מלאך שטייט איר זער און זער אָן, איך מיין אָבער, טאָכטער, אז דו האָסט אינם מלאך ניט מער גע־זען, ווי וויפיל ער אין דיר...

**רחל** — וועמעס זשע גליק איז ביי דיר ליבער, דעם מלאך'ס אָדער מיינס?

**נאטאן** — אז דיין רעטער איז נאָר א מענטש, האָסטו אויך פאלקאמען רעכט אים אָנצורופן דיין מלאך, ווייל יעדנפאלס איז ער דאָך א שליח פון גאָט צו דיר געווען. וואָס אָנבאַלאַנגט „גליק", איז מיין גליק פיל גרעסער פון אייער ביידנס...

**רחל** — ניין פאָטער, מיין רעטער איז ניט א מענטש אלס מלאך פון דער ערד, נאָר א מלאך פונם הימעל געווען, און איך גלויב, אז מיט מיר איז א נס פונם הימעל געשען...

**נאטאן** — נו, און אויב דער טעמפלער, דער בשר ודם, איז דיין רעטער געווען, ווערט דען קלענער דער נס פונם הימעל? מערק נאָר דאָס, טייערע מיינע, אז אין אונזער טאָג טעגליכן לעבן, אָט אין דעם, ווי עס שיינט, איינפאכן לעבן, זעען מיר דען ניט די געטליכע וואונדער? און וואָס מער די זאַך איז פּשוט'ער, און געוויינליכער, אַלץ מער איז דער וואונדער גרעסער. איז דען דער אויפגאַנג, און אונטערגאנג פון דער זון ניט א וואונדער? איז דען דאָס אַלטעגליכע לעגן זיך און אויפשטיין פון שלאָף ניט קיין וואונדער? איז דען דאָס בליען און וואקסען ניט קיין וואונדער? זענען דען דער רעגן, שניי, בליץ און שטורם קליינע וואונדער? נאָר ווייל מיר זענען שוין געוואוינט צו די אַלע זאַכן איבערראשט עס שוין נישט אונז, און מיר האַלטן עס פאַר געוויינליכע זאכן, אז אזוי דארף און מוז זיין. און ווען מיר באַ־מערקן א מינדעסטע קלייניגקייט — ווען נאָר א נייעס — שרייען מיר שוין, א וואונדער, א וואונדער! און ווי נאַריש דאָס איז, וועסטו דאָך, טאָכטער מיינע, אויך מודה זיין.

**דאיא** — פארוואָס זאָלט איר, הער נאטאן, פארטומלען די געדאַנקען

פון דעם ליבען קינד, פאר וואס זאלט איר זי ניט לאזן גלויבן ווי איר איז ליב און אנגענעם?

**נאטאן** — זיי מיר ניט צו גוט, און צו קלוג דאיא... פארשטייט דען ניט מיין טאכטער צו שעצן דעם, וואס האט זי געראטעט, ווען אויך ער איז א מענטש, ניט קיין מלאך געווען? פארשטייט דען ניט מיין טאכטער, אז אויך דער רעטער אירער איז אליין א געראטעטער? האט זיך דען שוין געטראפן, אז סאלאדין זאל לעבן לאזן א קריסט, א טעמפלער, א פאררעטער?

**רחל** — אנטשולדיג מיר ליבער פאטער, נאך דיין איבערצייגונג איז זיך עס דאך דער ערשטער באוויז, אז מיין רעטער קאן בשום אופן קיין מענטש ניט זיין, ווייל ווען איז א געפאנגענער טעמפלער געבראכט געווארן קיין ירושלים ניט מיט דער אפבזיכט צו טויטן אים?

**נאטאן** — אבער ניט איך, טאכטער, האב דאך אויסגעטראכט די געשיכטע מיטן טעמפלער. (צו דאיא'ן) האסטו, דאיא, ניט אליין מיר דערציילט דעם פאקט, פאר וואס סאלאדין האט אים דאס לעבן געשענקט?

**דאיא** — ווירקליך. איך האב עס דערציילט, אז דערפאר האט אים סאלאדין דאס לעבן געשענקט, ווייל ער האט אין אים באמערקט א ענליכקייט צו זיין ברודער.

**נאטאן** — הייסט עס, דאיא, אז דו ביזט אויך מודה, אז ער איז א מענטש, ניט קיין מלאך, געווען?

**דאיא** — איך האט א טעות, הער נאטאן, איך גלויב ניט די פלוידעריי וועגן ענליכקייט פון זיין ברודער, וועלכער איז שוין 22 יאר טויט, ס'איז נאר געפלוידערט.

**נאטאן** — פאר וואס זאלסטו עס אננעמען, דאיא, פאר א פלוידעריי? וואס איז דען דא צו מערקן איבער נאטירליכעס? ווען א מענטש האט ליב זיינעם א ברודער, און די ליבע איז א אונבאגרעניצטע, קאן זי ניט פארגעסן ווערן אפילו נאך א משך פון פיל, פיל יארן. וואס אנבאלאנגט אין ענליכקייט, איז עס אויך ניט זאנדערבאר. אזעלכע ביישפילן פון ענלעכקייט איז גאר ניט קיין זעלטנהייט. מעגליך, אז דו, דאיא, ווילסט עס אננעמען פאר א ליגן, כדי זאלסט קאנען באַ־

רעכטיקן א גרעסערן ליגן, אנגעמענדיק אים פאר אן אמת...

**דאיא** — איר באליידיקט מיך, הער נאטאן.

**נאטן** — ניט מער ווי דיינע חוזק־ווערטער קעגן מיין פערזאָן.

**רחל** — (פארשיימט) — איך אנדערקען די איבערצייגונג דיינע, ליבער פאָטער, פארצייע מיר פאר מיינע אומבארעכטיקטע ווערטער, וועל־כע זענען ארויס פון מיין מויל לייכטזיניגער ווייזע.

**נאטאן** — איך האָב פון דיר, ליבע טאָכטער, די ווערטער דערוואר־טעט. איך האָב געוואוסט, אז דו וועסט סוף כל סוף אנדערקענען, אז א טעמפלער זאל קומען פון אייראָפּא רעטן א מענטשן פון פייער אין קליין אזיע, איז עס אויך א אומבאשרייבליכער וואונדער, און מע דארף גאָרניט דענקען, אז דער רעטער איז געווען א מלאך און ניט קיין מענטש, כדי צו באצייכענען און בארעכטיקן דערמיט דעם נס...

**דאיא** — (פארשיימט) — אָבער, הער נאטן, וואָס קאָן דאָס שאדן, ווען עס ווילט זיך גלויבן אז א מלאך איז געווען דער רעטער? מיר שיינט, אז נאָר דורך אזעלכע געדאנקען, און דורך אזא גלויבן, קאָן מען גי־כער צו גאָט קומען.

**נאטאן** — דאָס איז ניט מער ווי נאָר נארישער שטאָלץ, געמיינער עגאָאיזם... דער ערדענער טאָפּ וויל מע זאָל אים מיט א גאָלדענעם ראנגאטש פונם פייער אראָפּנעמען, כדי ער זאָל זיך איינרעדן אז ער איז אויך גאָלד... דו זאָגסט, דאיא, אז דורך אזא גלויבן קאָן מען גיכער צו גאָט קומען. האָסט א טעות — דאיא — מיט אזא גלויבן פארשוועכט מען נאָר גאָטס נאָמען. און ווי ווייט אזא גלויבן־פאנ־טאזיע שאדט, וועל איך דיר דערקלערן. איך פארשטיי דאָך, אז עס וואָלט זיך אייך געוואָלט מיטן לעבן, מיט דער נשמה אָפּדאנקען דעם רעטער נאָך זיין ווערט נאָך, מיט וואָס זשע קאָנט איר אָפּדאנקען א מלאך, מיט מאטעריעלישעס איז דאָך ניט מעגליך, קאָנט איר אים דען מיט מאטעריאליזם באדאנקען? ער איז דאָך גייסט אפילו פאר־שטעלטהעהייד... נו, וועט איר מסתמא מערערע תפלות זאָגן, מע־רערע תעניתים פאסטן. נו, וועט דער מלאך דען פון אייערע תפלות הייליגער ווערן, און פון אייערע תעניתים פעטער ווערן? איר וועט

אפשר אים באדאנקען מיט צדקה געבן? וועט ער דען פון דער צדקה געניסן, און רייכער ווערן? דאנקען אָבער, ווען ער איז א מענטש, דער־מעלט קאָנט איר דאָס דאנקבארקייט צו אים אויפן בעסטן אופן דורכפירן.

**דאיא** — ווירקליך, וואָלט דאָס געווען א מענטש, וואָלט מען פארגעווים שוין פארשטאנען, ווי אזוי אים צו באדאנקען! ער האָט דאָך אָבער גאָרינט געוואָלט נעמען פון אונז; גלייך ווי אַ מלאך, וואָס געפינט זיין באלוינונג אין דעם גוטן טאט אליין.

**רחל** — ער האָט ניט געוואָלט נעמען? ער איז דאָך גלייך פארשוואנדן געוואָרן...

**נאטאן** — פארשוואונדן?... ווייל ער שפאצירט שוין נישט מער צווישן די פאלמען?... האָט איר זיך געפרואווט ערגעץ אנדערש וואו אים זוכן?

**דאיא** — ניין, דאָס האָבן מיר ניט געטון.

**נאטאן** — דאָס ניין? נו, און טאָמער איז אייער מלאך גאָר ערגעץ קראַנק?

**רחל** — (דערשראָקן) — קראנק? אך! מיין גאָט!

**נאטאן** — ס'איז דאָך מעגליך? ער, דער פרעמדער, איז דאָך מיטן היגן קלימאט ניט געוואוינט, אויסער דעם, ווי פיל האָט אויף אים גע־ווירקט דאָס נע־ונד'קייט, דאָס אָרימקייט, דער שרעק פונם טויט ביי סאלאדינען, און טאקע דאָס מסירת נפש ביי דער שרפה...

**רחל** — איז דאָך טאקע צו גלויבן אַז ער איז קראנק!

**נאטאן** — נו, און ווען קראנק, איז ער דאָך אָרים און עלענד ווי א שטיין!...

**רחל** — (פארצווייפעלט) — אָ, פאָטער!

**דאיא** — הערט אויף, הער נאטאן, איר אַזעלכע שמערצן צו פארשאפן.

**נאטאן** — (זעצט פאָרט.) — און מער ווי זיין גוט הארץ, האָט ער אפילו קיין וואָרעם לעפל וואסער ניט, צו דערקוויקן זיין פארשמאכ־טע צונג, און קאָן אזוי שטילערהייד ערגעץ זיין נשמה אויסהויכן...

**רחל** — (אין ספאזמען.) — אוי, איך וועל עס ניט איבערטראָגן!

**דאיא** — הער נאטאן! איר וועט זי מיט אייערע רעד דער'הרג'ענען...

**נאטאן** — און אים, דאיא, האָסטו אפשר מיט דיין פאַלשער פאַנטאַזיע שוין דער'הרג'געט!... (צו רחלן) טאָכטער מיינע! שרעק זיך ניט, ער לעבט און איז פאַרגעווים געזונט און שטאַרק; דער וואַלטעטער מוז זיין שכר אויף דער וועלט אויך געניסן; נאָר איך ווייז דיר, ווי גרינג דאָס איז צו באַפן טויזענטער מלאכים אין הימעל, איידער אָפּ־צוזוכן איין אָרימען מענטשן צו שטיצן אויף דער ערד... יאָ, טאָכ־טער מיינע, ניט וויניג זענען דאָ אַזעלכע, וואָס פליען מיט זייערע תפלות אינם זיבעטן הימעל, און ניט גרייט פאַרצוקומען מיט אַ שטי־קעל ברויט קענן דעם אָרימען... און הונגעריקן אויף דער ערד. (עס דערהערט זיך פיס־טריט.) אָבער מיר דוכט זיך אַז מיין שטאָל־מייסטער גייט אַהער.

**דאיא** — איר האָט אַ טעות, הער נאַטאַן, דער איז אייער גוטער ברו־דער, דער דערוויש, מיט וועלכן איר שפילט שטענדיג שאַכמאַט.

**נאַטאַן** — (צוקוקנדיג זיך) — ביזט טאַקע גערעכט, דאיא, דאָס גייט אלחאפי, מיין ערליכער דערוויש, נו גייט אריין אין שטוב, איך וועל נאָכדעם אָנקומען.

(רחל און דאיא גייען אָפּ.)

נאַטאַן, אלחאפי.

**אלחאפי** — וואָס זשע מאַכסטו נאַטאַן ברודער? (צוקושן זיך.) ווי איז דיר דער וועג געגאַנגען?

**נאַטאַן** — אַ דאַנק ברודער אלחאפי, גאָט איז מיט מיר געווען, און מיך געהיט. איך קאָן דיר ברודער אַ גרים אָפּגעבן פון דיינע דערווישן־ברידער, אין דער מדבר סוריא האָב איך פיל פון זיי באַגעגענט.

**אלחאפי** — בין איך אייך אַלע ניט מקנא!

**נאַטאַן** — פאַרוואָס?

**אלחאפי** — זיי וועלן זיך מוזן טראָגן מיט פולע קעשענעס געלט פון דיר, און דו — מיט אַ פולן בוזעם ברכות פון זיי...

**נאַטאַן** — וועמען זשע איז ערגער?

**אלחאפי** — זעלבסטפאַרשטענדליך דיר... זיי וועלן פונם געלט סוף כל

סוף פטור ווערן, און דו וועסט מוזען מיט די ברכות זיך האלטן, און זיי מיטנעמען מיט זיך אין קבר... נאָר זאָג מיר נאטאן, וואָס קוקסטו אויף מיר ווי אויף א בייז וואונדער?...

**נאטאן** — איך קוק אָן א דערוויש אין א שטאאטס מונדיר?

**אלהאפי** — דאָס איז דען ערגער ווי א מאָנאך מיט א שווערד אויפן גארטעל?

**נאטאן** — כמעטביידע אלץ איינס; מיך וואונדערט אָבער, ווי קומט עס צו דיר, געוועזענער דערוויש, אזא בכבודיקן פאָסטן? איך ווייס דאָך אז דו זוכסט ניט קיין כבודים.

**אלהאפי** — אמת ברודער, נאָר וואָס האָב איך געקאָנט מאכן, ווען איך בין געווען געצוואונגען דערצו...

**נאטאן** — א דערוויש — געצוואונגען? איך פארשטיי ניט.

**אלהאפי** — דעם סולטאנס „בקשה", איז ערגער ווי געצוואונגען...

**נאטאן** — אזוי, אזוי, דו פארנעמסט א שטעלע ביים סולטאן אליין?

**אלהאפי** — דו שפילסט זי דמיט מיר!

**נאטאן** — אודאי — א הענקער־מייסטער.

**אלהאפי** — ניט געטראָפן; איך בין פינאנץ מיניסטער! הויף־קאסירער.

**נאטאן** — ווי איך האָב פארנעמען איז סאלאדינס קאסע געבעך אויף גרויסע צרות, פול מיט לעכער...

**אלהאפי** — ס'איז גאנץ לייכט צו גלייבן; די גרויסע פינאנסן גייען דאָך אלץ צום פאָטער, צום אלטן סולטאן, דאָרט אין די לבנון בערג. אויף פאָליטישע אויסגאבען, און די היזיקע קעניגליכע קאסא איז א פוסטע לײדיקע פושקע...

**נאטאן** — וואוהין קומען אלע שטייער־געלטער אהין?

**אלהאפי** — אויף די הויפס־מקבלים! טו מיר די טובה נאטאן, און נעם ביי מיר איבער די שטעלע... דו וועסט עפענען דיין קאסא, און וועסט דיך מעגן נעמען פראָצענטן, וויפיל דו וועסט אליין ווען...

**נאטאן** — און פראָצענטן דע פראָצענטן...

**אלאהפי** — און א מונדיר וועסטו פאר דיר אויך ניט דארפן מאכן... מיינער איז לעפעש אויף מיר...

**נאטאן** — וואָס מער לעפעש דער מונדיר איז אויף דיר, זע איך אלץ מער מיין פרומען דערוויש פון אים ארויס...

**אלחאפי** — דער דערוויש אליין, אָבער, זעט זיך שוין באַלד ניט אַרויס... אַ, נאַטאַן! זאָל נאָר אַוועקגיין אַ קורצע צייט, וועל איך דעם מונדיר אויפהענגען צוריק אויף סאַלאַדינס פלעקעל... און אין מיינע פריערדיגע לאַטעס, וועל איך באַרוועס אַוועקגיין אין דער מדבר, צו מיינע אַלטע באַקאַנטע דערווישן, און וועל מיט זיי ,ווי פריער, אין די הייזער גיין...

**נאַטאַן** — און דעמעלט איז פאַר דיר מיין קאַסאַ אָפען... ווי פריער, פאַר צדקה און מעשים טובים... און דו וועסט מיין פינאַנץ מיניס־טער זיין...

**אלחאפי** — און איך וועל דיר אָבער שוין ניט קענען זאָגן „קעניג מאַט".

**נאַטאַן** — ביזטו דען ניט גליקליכער געווען פריער ביים שאַכמאַט זיצנדיק אין דיין אָפּגעריסענעם קאַפּטאַן?

**אלחאפי** — אוי, גוטער ברודער נאַטאַן, דענקסטו אַז צוליב דעם כבוד צו באַקומען, בין איך פינאַנץ מיניסטער געוואָרן? מיך האָט סאַלאַ־דין מיט זיין פאַרבלענדעטער אונשולד פאַרפירט. „— נאָר אַ אָרי־מער דעוויש — האָט ער מיר געזאָגט — קאָן פילן דעם אָרימאַנס האַרץ... דעם פריערדיגן מיניסטער האָב איך ניט געקענט דולדן, אים, מיט זיין פאַרפרוירן האַרץ, און מיט זיין קאַלט בלוטיגן איבעררעכע־נען יעדע נדבה ביז דער פערטל פאַרע. דו וועסט געבן — האָט ער מיר געזאָגט — מיט אַ הייס האַרץ, און מיט דער פולער האַנט. ביי צדקה — האָט ער מיר געזאָגט — האָב איך ניט ליב מאַטעמאַטיק"... געוויס האָבן מיך אַזעלכע ווערטער געלאַקט; איך וועל קאָנען אויס־נוצן מיינע ברענענדע געפילן, און מיטלייד צו דער אומגליקליכער מענטשהייט, און אַזוי אַרום בין איך, שוטה, פאַרכאַפּט געוואָרן.

**נאַטאַן** — וואָס זשע האָט ער דיך דאָ פאַרבלענדעט?

**אלחאפי** — געוויס אַ פאַרבלענדעניש. אדרבא — זאָג אַליין — וואָס פאַר אַ רעכט האָט מען צו שינדן און באַרייסן מיליאָנען מענטשן, כדי צו ווערן אַ בעל צדקה פאַר עטליכע געציילטע פּריווילעגירטע מקבלים? דאָס הייסט כאַפּן מיליאָנען פליגן און שטאָפּן מיט זיי די שפינען...

**נאַטאַן** — גענוג! איך פאַרשטיי דיך ברודער. פאָלג זשע מיך, און אַנט־

לויף צו דיינע דערווישן אין דער מדבר. צווישן מענטשן וועסטו ווערן אוים מענטש... דו — ברודער טוינגסט ניט צום פארמאסקירטן פאר־ פארבטן פראקטישן לעבן... אנטלויף אהין, פון וואנען דו ביזט גע־ קומען.

**אלתאפי** — יא, איך וועל דיך פאלגן. מיט גאט — גוטער נאטאן — צום ווידערזען, אלס ארעמער דערוויש.

נאטאן, דאיא.

**דאיא** — (קומט צולויפן פריידיג, שנעל.) — ה׳ נאטאן! אט שפאצירט ער איצט צווישן די פאלמען.

**נאטאן** — האסטו ניט באמערקט, דאיא, וואס טוט ער דארט?

**דאיא** — ער רייסט פון די טייטלען.

**נאטאן** — (איראניש.) — און עסט ווי א איינפאכער בשר ודם?

**דאיא** — (אונצופרידן.) — וואס נוצט איצט די איראניע אייערע... לויפט בעסער אוויגנבליקליך, און בעט אים אריינצוקומען צו אונז.

**נאטאן** — טאקע אזוי ווי איך שטיי און גיי, אין די רייזע קליידער?... דאס וועט פאר אים א באליידיגונג זיין. לויף דו בעסער, און זאג אים: אז איך קום ערשט פונם וועג, און פארבעט אים צו זיך. גלויב מיר, אז ער וועט איצט גיין מיט פארגעניגען.

**דאיא** — מיר שיינט, אז איר האט א טעות, הער נאטאן, צו א אידן אין שטוב אריין, וועט ער אויף קיין פאל ניט גיין...

**נאטאן** — נו זאלסטו אים דארט אויפהאלטן איינינע מינוט, אדער, קוק אים נאך וואוהין ער וועט גיין, און איך טו מיך נאר איבער און קום באלד נאך דיר אהין.

(צוגייען זיך.) — ענדע ערשטעם בילד.

מ ש ה   ר ו ב י ן

## צ ו וי י ט ע ס   ב י ל ד

(א שיין שפּאַציר־פּלאַץ צווישן עטליכע רייען פּאַלמען בוימער, אם ענדע א מאָנאַסטיר.)

טעמפּלער, מאָנאַך.

**טעמפּלער** — (שפּאַצירענד אין איינער פון די פעדערשטע רייען, דער־זעענדיק דעם מאָנאַך פון ווייטן.) — ער וויל אוודאי א נדבה. (צום מאָנאַך.) — איך וואָלט דיר מיט מיין גאַנץ לעבן געוואָלט געבן א נדבה, נאָר ביי גאָט, אז איך האָב ניט.

**מאָנאַך** — ערגערט אייך ניט הער טעמפּלער, ניט וועגן א נדבה בין איך צו אייך געשיקט געוואָרן.

**טעמפּלער** — געשיקט געוואָרן?...

**מאָנאַך** — פונם מאָנאַסטיר.

**טעמפּלער** — פון דאָרט, וואו איך האָב ערשט געבעטן עפּעס עסן, און מע האָט מיר געזאָגט, אז ס'איז שוין ניטאָ?

**מאָנאַך** — ווארשיינליך האָבן זיי ניט געוואוסט, אז דער פּאַטריאַרך דאַרף אייך נויטיג האָבן... איצט קומט מיט מיר, וועט מען אייך שוין אנשטאָפּן פאַר צוויי...

**טעמפּלער** — הייסט עס, גיט מען קיינעם קיין עסן ניט, ביז דער פּאַטריאַרך דאַרף אים ניט?

**מאָנאַך** — אדרבא, מען גיט אלע, ווייל דער פּאַטריאַרך דאַרף זיי כמעט אלע...

**טעמפּלער** — מוחל, מוחל, דעם אָנבייסן, ווען אויך איך האָב שוין א לאַנגע צייט קיין לעפל געקעכטס אין מויל ניט געהאַט; די טייטלען האָבן מיך שוין געזעטיקט.

**מאָנאַך** — פון טייטלען עסן קומט אָבער די מרה שחורה...

**טעמפּלער** — אָבער ניט וועגן דעם האָט מען דיך געשיקט, כדי מיך צו פארהיטן פון מרה שחורה?

**מאָנאַך** — חלילה! דעם פּאַטריאַרך קימערט דווקא ניט יענעמס מרה שחורה...

**טעמפּלער** — הייסט עס, דיין פּאַטריאַרך האָט דיך צו מיר געשיקט?
**מאַנאַך** — אַ שאלה אביסל, אודאי ער. ער וויל וויסן, ווער און וואָס איר זענט?
**טעמפּלער** — ווייסט ער דען ניט דעם סימן פון אַ רויטן קרייץ אויף אַ ווייסער ריזע?
**מאַנאַך** — ניט נאָר ער, נאָר אויך איך וויים עס.
**טעמפּלער** — ווען דו ווייסט שוין אַז איך בין אַ טעמפּלער, וועל איך דיר דאָס איבעריגע אין קורצן איבערגעבן. אַלס אַ מאָנאַך האָסטו דאָס רעכט צו וויסן, נאָך פאַרן פּאַטריאַרך... „נאָך דעם אָפּגעשלאָ־סענעם וואַפנשטילשטאַנד, האָבן מיר צוואַנציק טעמפּלהערן גע־וואָלט אַ פעסטונג איבערפאַלן, כדי מיר זאָלן האָבן מיטלען אויף צו דערשלאָגן זיך קיין צדון. נאָר מע האָט אונז אַלע געפאַנגען און אין קייטן געבראַכט אהער, קיין ירושלים. דאָ האָט דער סולטאַן סאַלאַ־דין אַלע געהייסן קעפּן, נאָר מיך האָט ער באַפרייט.
**מאַנאַך** — דאָס איז שוין אוי ך ניט קיין נייעס ביים פּאַטריאַרך, און איך וויל טאַקע וויסן די אורזאַכע, פאַר וואָס סאַלאַדין האָט אייך נאָר אַליין באַפרייט?
**טעמפּלער** — די אורזאַכע ווייס איך אַליין אויך ניט. איך וויים ניט מער, נאָר, אַז איך בין שוין גלייך מיט אַלע געליגן מיטן קאָפּ אויפן קלאָץ, און דערוואַרטעט די האַק, האָט פּלוצים סאַלאַדין אויף מיר אַ קוק געטון, און אַ ווילדן געשריי געטון צום תליון: שטיי! באַלד האָט מען מיך אויפגעהויבן, און מיר געהייסן גיין. איך האָב געוואָלט דאַנקען סאַלאַדינען, האָב איך באַמערקט, אַז טרערן שטייען אים אין די אויגן, און אַזוי שווייגנדיק איז ער אוועקגעגאַנגען צו זיך אין פּאַלאַץ. און איך בין מיר פריי געגאַנגען אין שטאָט אריין. מער וויים איך ניט, אפשר ווייסט דיין פּאַטריאַרך צו לעזן דאָס רעטעניש?...
**מאַנאַך** — דער פּאַטריאַרך גלויבט, אַז דאָס האָט אייך נאָר גאָט גע־רעטעט, כדי אַ גרויסע זאַך דורכצופירן. דער פּאַטריאַרך קאָן ניט גלויבן אַז סאַלאַדין זאָל זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ תענוג, צו זען דעם שונא אָן אַ קאָפּ...
**טעמפּלער** — צוליב וועלכע זשע גרויסע זאַך — דענקט ער — בין איך לעבן געבליבן?

**מאַנאַך** — ס'איז אפילו א סוד. פאר א טעמפּלער אָבער איז קיין סודות ניטאָ... דער פאַטריאַרך ווייל איר זאָלט אָפּפירן פון אים א בריף צום קעניג פיליפּ. דער פאַטריאַרך זאָגט, אז אין דעם בריף הענגט אָפּ דער עקזיסטענץ פונם גאַנצן קריסטנטום, און ווער עס וועט די בריף אָפּפירן — זאָגט ער — וועט באַקומען די ערשטע שטול אין גן עדן... און די שטול — זאָגט ער — פּאַסט נאָר פאר אייך...

**טעמפּלער** — פארוואָס נאָר פאר מיר?

**מאַנאַך** — ווייל נאָר איר — זאָגט ער — גייט אַרום פריי אין ירו־שלים, און דעריבער קאָנט נאָר איר אויספירן די נייע פעסטונג, און דאָס איבערגעבן פיליפּ'ן... כדי ער זאָל וויסן, אויב ער דאַרף נאָך אויפהאַלטן דעם שלום אויף א צייט, אָדער שוין אָנצופירן א נייע מלחמה מיט סאַלאַדין.

**טעמפּלער** — גיי זאָג זשע דיין פאַטריאַרך, אז א טעמפּלער קאָן נאָר אין א עפנטליכער שלאַכט אַרויסגיין קעגן א שונא, און ניט ווערן א שפּיאָן...

**מאַנאַך** — דאָס ווייסט ער, אז די טעמפּלהערן זענען צו ערליך. ער דענקט אָבער, אזוי ווי איר זענט דאָך כמעט גאָר א גייגעבווירענער, זענט איר געווים שוין גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן...

**טעמפּלער** — הייסט עס, אז גאָט האָט מיט מיר נאָר אזא נס געטון, כדי צו ווערן פון גאָטס־טעמפּלער — גאָטס שפּיאָן?..

**מאַנאַך** — חלילה, ניט גאָטס, נאָר דעם פאַטריאַרך'ס שפּיאָן... נאָר ניט נאָר דאָס איז דער עיקר, דער פאַטריאַרך האָט זיך דערוואוסט, אז סאַלאַדין גייט אָפּט מיט פארבאָרגענע וועגן צום פאָטער אין די לבנון־בערג, מיט א גרויס רייכטום, כדי צו מאָביליזירן דאָרט א גרויסע אַרמיי קעגן די קרייצציגער. דעריבער ווייל דער פאַטריאַרך, אז איר, מיט נאָך צוויי באַשטעלטע מאַראָניסטען, זאָלט לאַקערן אויך אים, איבערפאַלן און טויטן... און טאַקע די אַפּותיקא באַקומען.

**טעמפּלער** — דיין פאַטריאַרך ווייסט דאָך — זאָגסטו — אז סאַלאַדין האָט מיר מיין לעבן געשענקט. נו, זאָל איך אים אָפּדאַנקען מיט זיין טויט?

**מאַנאַך** — טאַקע ווייל ער האָט אייך געשענקט דאָס לעבן, ווען ניט,

וואָס פאַר א מחותן וואָלט איר געוועזן מיט אים? זעט איר, דער פּאַטריאַרך פאַרשטייט אַ פּנים אַ געשעפט מער פון אונז... אויסער דעם — זאָגט ער — אַז די הייליקע רעליגיע שטייט אַ סך העכער פון אַלע מענטשליכע מעשים טובים...

**טעמפּלער** — הייסט עס, אַז די רעליגיע הייסט טון אַזאַ אונמענטש־ליכקייט?

**מאָנאַך** — פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונז מענטשן הייסט עס אונמענטש־ליך, נאָר דער פּאַטריאַרך זאָגט — אַז ניט אַלעס, וואָס רופט זיך ביי מענטשן אונמענטשליך, הייסט אויך ביי גאָט אונמענטשליך...

**טעמפּלער** — אַלזאָ, מעג איך מיין רעטער אַליין דערהרגענען?

**מאָנאַך** — ס'איז טאַקע אַביסעל ניט אַנגענעם, נאָר דער פּאַטריאַרך זאָגט, אַז סאַלאַדין האָט אייך דאָס לעבן געשענקט ניט צוליב רחמנות. דער פּאַטריאַרך זאָגט, אַז דעריבער האָט אייך סאַלאַדין באַפרייט, ווייל ער האָט אין אייך געפונען אַ ענליכקייט צו זיינעם אַ ברודער. און אַזוי אַרום — זאָגט דער פּאַטריאַרך — איז דער חסד גאָר קיין חסד ניט...

**טעמפּלער** — אַלזאָ, מעג איך אים הרגענען?

**מאָנאַך** — יאָ, דערמיט וועט איר זיין ענליך צום פּאַטריאַרך...

**טעמפּלער** — נאָך וואָס זשע דאַרף איך זיין, זיין שטעלפאַרטרעטער, קאָן דאָך אים דער פּאַטריאַרך אַליין דערהרגענען?

**מאָנאַך** — דער פּאַטריאַרך וואָלט זער און זער געוואָלט. ער האָט אָבער מורא אַז דער טורבאַן זיינער וועט פאַרבלייבן אָן זיין קאָפּ...

**טעמפּלער** — נו, און פאַר מיין לעבן?...

**מאָנאַך** — פאַר אייער לעבן האָט ער ניט וואָס מורא צו האָבן. אייער לעבן איז דאָך בלויז אַ געשענקט לעבן...

**טעמפּלער** — און דעריבער האָב איך דאָס רעכט צו דערמאָרדן דעם, וואָס האָט מיר דאָס לעבן געשענקט? (אויפגערעגט.) און דו גייסט אין אַזאַ שליחות? — אויגנבליקליך זאָל איך דיך דאָ, פאַר מיינע אויגן, ניט זען, ווייל...

**מאָנאַך** — כעס — זאָגט דער פּאַטריאַרך — איז ערגער פון אַ נאַר... מיט גאָט, הער טעמפּלער! איך גיי אַוועק פיל מער אַ צופרידענער,

ווי איך בין געקומען... (לאָזט זיך אוועקגיין.) איך בין דאָך ניט מער ווי אַ מאַגאַסטיר שמש... (גייט אוועק.)

(אַ טאַבעלאַ, אַנשטאָט דעם מאַגאַסטיר. נאָטאַנט הויז, מיט אַ באַלקאָן פענסטער צו דעם שפּאַציר פּלאַץ.)

טעמפּלער, דאַיאַ און צולעצט רחל (אין באַלקאָן פענסטער פונם צווייטן שטאָק, איבער די בוימער.)

**דאַיאַ** — (אָנקומענדיג) — דאַנקען גאָט, וואָס איך זע אייך ווידער; וואו זייט איר ביז איצט פאַרשוואונדן געוואָרן?

**טעמפּלער** — (מיריש) איך בין ערשט נעכטן געקומען פון אַ ווייטער רייזע.

**דאַיאַ** — רחל'ס פאָטער איך אויך ערשט היינט געקומען פון אַ ווייטן וועג, און זי האָפט, אַז איצט וועט איר געוויס ניט אָפּזאָגן אונז אַ וויזיט צו מאַכן. באַלד קומט איר פאָטער אַליין אַהער, אייך צו בעטן, אים דעם כבוד פאַרשאַפן, זיין הויז צו באַזוכן. איר מוזט וויסן — מיין הייליגער הער — אַז איר פאָטער האָט פונם וועג גע־בראַכט אויף הונדערט קאַמלען די טייערסטע פּראָדוקטן פון פּערסיע, אינדיע און כינע, און אויך ניט ווייניג עדלשטיינער און טייערע מאַ־טעריעס...

**טעמפּלער** — (קאַלט) — איך בין קיין קונה ניט.

**דאַיאַ** — זיין פאָלק גיט אים אָפּ כבוד, כמעט אַ קעניגליכן, מיר וואונ־דערט נאָר, פאַרוואָס מע רופט אים נאָטאַן דער ווייזע, און ניט נאָטאַן דער מיליאָנער?

**טעמפּלער** — אפשר רופט זיך אויף דער שפּראַך פון זיין פאָלק אַ מיליאָנער — חכם...

**דאַיאַ** — זיין ריכטיגער ביי־נאָמען האָט אייגנטליך געדאַרפט זיין: „דער גוטער". ווייל זיין גוט האַרציגקייט האָט גאָר קיין שיעור ניט. שטעלט אייך פאָר — הייליגער העט — ווען ער האָט זיך נאָר דער־וואוסט פונם שרעקליכן געשעעניש מיט זיין טאָכטער, און אַז איר

זענט איר רעטער געווען, איז ער גרייט זיין גאנץ פארמעגן אייך אפ־
צוגעבן צוזאמען מיט זיין נשמה...

**טעמפלער** — א גרויסער וואונדער! א איד, מיט א גוט הארץ!...

**דאיא** — איר וועט זיך אליין איבערצייגן אין דעם. נעמט אין אכט,
הייליגער הער, ווען ניט זיין עדלען כאראקטער און זיין גוט הארץ,
וואס וואלט מיך געהאלטן אזא צייט מיט יארן ביי אים אין הויז?
ווייס איך דען ניט מיין ווערט אלס קריסטין? האט זיך עס מיר
אפילו געחלומט קומענדיג מיט מיין גאטזעליגען מאן פון אייראפא
אהער, ווען א הייליגן רעליגיעזן צוועק, אז איך זאל פארבלייבן א
גאווערנערין ביי א אידיש קינד? א, מיין גאטזעליגער מאן איז דאך
געווען א טאפפערער אפיצער אין פרידריכס ארמיי און...

**טעמפלער** — (פאלט איר אריין אין די רעד) — אליין פון שווייץ,
און צוזאמען מיט פרידריכן דערטרונקען געווארן... געגוג מיר צו
טומלען מיט דער ביאגראפיע פון דיין גאטזעליגן מאן... זיי אזוי פיל
גוט, גענעדיגע פרוי, און לאז מיך זיין אליין... אלץ וואס איך האב
געטון, איז נאר געווען צופעליגער ווייזע. קיין חרטה האב איך ניט,
אבער, ס׳איז מיר איבערדריסיג וועגן דעם צו רעדן. איר קאנט מיך
נאך דערצו ברענגען, אז ווען אזא פאל וועט זיך חלילה ווידערהאלן,
זאל איך ניט רעטן, ביז איך וועל ניט וויסן ווער דער קרבן איז...
און דערוויל זאל דער אומגליקליכער פארברענט ווערן...

**דאיא** — א, גאט! וואס וויל דער ווילדער מענטש?

**טעמפלער** — איך וויל מער גיט, נאר דעם איינציקן חסד פון דיר, אז
דו זאלסט מיך פון היינט אן גאר ניט דערקענען, און זאלסט זיך
ניט וואגן מיך פארצושטעלן פאר איר פאטער, ער איז א איד, און
אזעלכער האט מיט מיר קיין שום שייכות נים. — (שמערצליך.) —
איר בילד? — וועל איך עס מיט געוואלד פון מיר פארטרייבן... איך
וועל עס פונם הארצן ארויסרייסן.

**דאיא** — פון אייער הארץ ארויסרייסן? אבער אייער בילד איז פעסט
איינגעווארצעלט אין איר הארצן, און זי וועט ניט זיין אימשטאנד
עס ארויסצורייסן...

**טעמפלער** — וואס האט א בילד פון א קריסט צו טון ביי א אידיש
מיידל אין הארץ?

**דאַיאַ** — הער טעמפּלער! ניט שטענדיג איז דאָס האַרץ דאָס, וואָס דאָס פּנים ווייזט אַרויס...

**טעמפּלער** — אַממערסטן טייל ערגער... בעסער, זער זעלטן...

**דאַיאַ** — האָט מיטלייד מיט אַ עדל, שוואַך פרויען האַרץ! — (רחל דערשיינט אין פענסטער.)

**טעמפּלער** — (אַ פאַרצווייפלטער.) — אוועק פון מיר טייפעל! (אַ לופט שטויס מיט דער האַנט.) — די וואָס איך האָב געדעטעט, וויל איך גיט אומגליקליך מאַכן... (ציטערענדיק.) זאָל זי אויך אויף מיר רחמנות האָבן... איך קאָן ניט, איך האָב ניט דאָס רעכט, אַך מיין גאָט! דער גלויבן האָט אונז צעשיידט... אַך ווי שרעקליך, ווי שרעקליך!

**רחל** — אויפן באַלקאָן פענסטער.) — ער טרייבט מיך! אָ. ניין! ניט מיך טרייבט ער, נאָר זיך אליין פון זיינע פלאַמענדיגע געפילן... איך זע דאָס, איך פיל דאָס, מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה. אונזערע ביידענס הערצער שלאָגן אונטער איין טאַקט... אונזערע נשמות גיסן זיך ביידע שטיל צוזאַמען... אַך, מיין גאָט! פון אַלע פייערן קאָן מען רעטן, נאָר ניט פונם פייער פון דער ליבע... אַ ניין, ניין! ניט זיך און ניט מיך וועט ער איצט פון דעם פייער רעטן... (רחל זינגט:)

צווישן די פלאַמען הער איך מיין רעטער רעדן,
צווישן די פלאַמען קלינגט אָפּ דייטליך זיין שטים.
וואו ביזטו מיין מלאך? פילסטו דען ניט מיינע לייאָן?
זאָג: אָט באַלד קום איך! אָט באַלד! איך קום, איך קום.
אַ רעטער! דו ביזט דאָך אָן צווייפל גלויביק,
דיין גלויבן טראָגסטו ווי אַ קינד אויף די הענט,
פילסטו דען ניט, אַז די ליבע איז ווי דאָס גלויבן אייביק,
ווי די זון איר ליכט פאַר אַלעמען אַ פריזענט...

**טעמפּלער** — (קוקט זיך ווי אַ פאַרווירטער אַרום) — וואָס הער איך! וועמעס שטימע קלינגט איצט אין מיין אויערן?... אַך! ווי געטליך די שטימע איז... זי באַצויבערט מיך. זי צינד אָן אַלע מיינע נערוון...

**רחל** — (פּראַפעטיש.)

זי איז אַ שטראַל פון גאָטס געזיכט

צו צוויי פלאמענדע נשמות א גרים!
זי ברענגט פייער, — אָבער אויך ליכט.
זי ברענגט ווייטאקלאך, און דאָך אזוי זיס. — (מיט אויפגעהויבענע
אויגן צום הימעל.)
**טעמפלער** — דערזעענדיג זי, לאָזט ארויס א יאָמערליך געשריי.)
אך! — (פאלט צוגעשפארט צו א בוים) — נישטאָ קיין באהעלטע־
ניש פונם שיקזאל... איך בין א געפאנגענער!...

פ אָ ר ה א נ ג פ א ל ט.

ענדע ערשטער אקט.

# צווייטער אקט

דריטעס בילד
(ביים סולטאן סאלאדין אין קאבינעט.)

(סאלאדין און זיין שוועסטער סיטא ביי א שאכמאט. פון ביידע זייטן אין צוויי שורות א דאמען כאר פון קאמערפרייליגם.)

**קאמערפרייליגם** — (זינגען די פאלקס הימנע:) —
באהיט גאט דעם קאליף
פונם הימעל דיין ברכה טריף
שענק אים לאנגע יארן
די רעגירונג — די מעכטיקע,
די פארטא — די ליכטיקע
רעגירט ער מיט א שכל א קלארן.
דיין געטליכע מאכט,
דיין גלאנץ, דיין פראכט,
שיק אים פון דיין הויך געצעלט.
די קרוין, דעם איסלאם,
דער הימלישער פלאם,
באהערשן זאל גאר די וועלט.
גייען אין פארשידענע זייטן אוועק.)

**סיטא** — וואס איז מיט דיר, ברודער? ווי אזוי שפילסטו היינט?
**סאלאדין** — (צעשטרייט.) — נישט גוט? הא? איך באמערק גארנים.
**סיטא** — שטעל צוריק דעם פויער, ווייל דער ריטער איז קאפוט.
**סאלאדין** — האסט רעכט, נו, גיי איך אהער.
**סיטא** — און איך אהער.

**סאלאדין** — וועל איך דיר זאגן: קעניג.

**סיטא** — אַט איז ער שוין געשטיצט, און די, היט טאקע דיין מאט!

**סאלאדין** — ווי עס שיינט, שטיי איך גאנץ שמאָל... איך מוז דיר אָפּגעבן דעם ריטער.

**סיטא** — נעם איך אים דוקא ניט, און גיי אהער.

**סאלאדין** — דו טוסט עס ניט צוליב מיר, דער גאנג איז דיר מער קאָנוועניערענדער איידער צו שלאָגן מיין ריטער.

**סיטא** — מעגליך. נאָר איך זע ארוים ברודער, אז מער ווי די טויזנט מעזשידיעם — דער געוועט — וועל איך היינט שוין ניט נעמען...

**סאלאדין** — וואָס זאָל איך פארשטיין אין דיינע ווערטער?

**סיטא** — דו זוכסט דאָך אַלערליי געלעגענהייטן ווי צו פטר'ן דיין געלט, און דעריבער פלייסט דו זיך שטענדיג, אז איך זאָל די פארטיע פארשפילן, כדי דו זאָלסט האָבן די געלעגענהייט מיר מער געלט צו שענקען...

**סאלאדין** — איך פארשטיי ניט.

**סיטא** — גאנץ איינפאך. אז איך פארשפיל, קאָנסטו ניט פארליידן מיין עגמת נפש, און די באפרידיגסט מיך צען מאָל אזוי פיל וויפיל דער געוועט באטרעפט. איצט אָבער, זע איך, נאָך דיין שפילן, אז איך וועל צום באדויערן געווינען, און מער פונם געוועט וועל איך ניט באקומען.

**סאלאדין** — (ליבליך.) — אך שוועסטער! ווי פיפיג דו ביזט... נו, גיי א גאנג.

**סיטא** — קעניג, און קעניגין!

**סאלאדין** — א, איך האָב פארזעען.

**סיטא** — אפשר איז נאָך דאָ א מיטעל צו פארהיטן די קעניגין?

**סאלאדין** — ניין, ניין נישטאָ קיין מיטעל. נעם די קעניגין, זי שפילט ביי מיר קיינמאָל קיין ראָלע ניט...

**סיטא** — ניין, די קעניגין וויל איך ניט נעמען, און זאָג דיר נאָר קעניג!

**סאלאדין** — גייט ער אהער.

**סיטא** — קעניג!

**סאלאדין** — נו אהער!

**סיטא** — קעניג!
**סאלאדין** — און טאקע מאט!
**סיטא** — נאך ניט מאט, קאנסט אים נאך פארשטעלן מיטן ריטער.
**סאלאדין** — (פלעגמאטיש.) — מאט, מאט, אט. דו האסט שוין די פארטיע געוואונען, אלחאפי וועט דיר שוין די טוזענט מעזשידיעס ארויסגעבן. — (א קלינג מיטן גלעקל.)
**קאמערדינער** — (טיף פארנייגט.) אייערע מאיעסטעטישע גענאדן.
**סאלאדין** — זאל דער פינאנסמיניסטער גערופן ווערן. — (קאמערדינער אפ.) — א פנים שוועסטער, אז דו שפילסט פארט בעסער פון מיר.
**סיטא** — גאט באהיט! — פשוט — איך בין היינט ניט אזוי צעשטרייט ווי דו.
**סאלאדין** — ניט אזוי ווי איך, זאגסטו? וואס האסטו דען גאר אינגאנצן צו זיין צעשטריים?
**סיטא** — ווייל קיין נחת איז גאר ניטא וואס צו האבן פונם איצטיקן פאליטישן צושטאנד....
**סאלאדין** — דו מיינסט אודאי, שוועסטער, וועגן דער נייער מלחמה מיט די קריסטן? גלויב מיר, אז איך האב עס אודאי ניט געוואלט. איך האב געדענקט צו פארציען דעם וואפענשטילשטאנד אזוי לאנג, ביז סע זאל זיך אויסארבעטן א פעסטער שלום, און דערווייל זאל איך דיך אפגעבן פאר ריכארדס ברודער, און זיין שוועסטער וואלט שוין געווים דערנאך זיך פארבונדען מיט אונזער ברודער מאלאכי. אין דאן ווי גליקליך וואלט דאס אטאמאנישע פאמיליען לעבן אונזערס געווען? און ווי גלענצענד וואלט אונזער רעגירונג איר מאכט פארשטארקט. מיט דעם טייערן ריכארד, וואלטן אלע פאליטישע פראגן ווי אמבעסטן געלעזט געווארן; צום אומגליק אבער, האבן די טעמפלהערן קיין געדולד ניט געהאט אויפצוהאלטן אויף לאנג דעם וואפנשטילשטאנד, און האבן די פעסטונג צעשטערט, און דאס האט צו א נייע מלחמה געבראכט.
**סיטא** — וואס קאנסטו זיך אזוי ניט אפלויבן פון ריכארדן? איז דיר דען אלץ ניט באקאנט דער כאראקטער פון די קריסטן? זייער שטאלץ

איז ניט ווייל זיי זענען „מענטשן", נאָר ווייל זיי זענען „קריסטן"...
דעם ערליכסטן מענטשן, קוים ניט א קריסט, פאראכטן זיי...

**סאלאדין** — אין דער הינזיכט האסטו רעכט, שוועסטער. אויך דער גוטער טאַלעראנטער ריכארד האט אנדערש ניט געוואָלט מיט אונז זיך פארבונדען, בלויז דאן, ווען דו מיט אונזער ברודער זאָלן פריער אננעמען דאָס קריסטנטום. — (ער גייט ארום א פארטראכטער.) ענדליך מוז איך, צום באַדויערן, א ענדע מאכן צו דער קריסטן־פראגע... איך דערווארט נאָר די פינאנסן פון עגיפטן צו באקומען, און גלייך דערקלער איך די מלחמה.

(די פאָריגע און אלחאפי.)

**אלחאפי** — (קומט אריין.) — שוין אפשר אָנגעקומען די אוצרות פון עגיפטן?

**סאלאדין** — האסטו דען באקומען א ידיעה פון דאָרט?

**אלחאפי** — דערווייל ניט, איך האָב אָבער דאָך געגלויבט, אז איך וועל זיי שוין דאָ מיט מיינע אויגן זען, און מיט מיינע הענט אין קאסע אריינלעגן.

**סאלאדין** — גיב דערווייל סיטאן טויזנט מעזשידיעס.

**אלחאפי** — ווייטער גיב, און וועמען? ווידער סיטאן און סיטא אַליין...
(ער שטעלט זיך אָפּ.)

**סאלאדין** — זאָג, רעד. וואָס האסטו זיך אָפּגעשטעלט?

**אלחאפי** — און סיטא אַליין, ניט זי נעמט נאָר זי גיט...

**סיטא** — אלחאפי וויצעלט זיך שוין...

**אלחאפי** — ניין סיטא, איך קאָן שוין מער די מאסקע ניט טראָגן, סאלאדין מוז אלעס וויסן.

**סאלאדין** — (דערשראָקן.) — וואָס מוז איך וויסן? זאָג, אלחאפי, פארבאָרג ניט פון מיר דעם אמת...

**אלחאפי** — פון זייט מיר דערווארטן די אוצרות פון עגיפטן, האלט זי אונז אַלע אוים אויף איר חשבון...

**סאלאדין** — (אויפגערעגט.) — אָ, טייערע, און טרייע שוועסטער...
(קושט זי.)

**אלחאפי** — די טייערע טרייע שוועסטער, וועט באַלד זיין אין דעמ־
זעלבן פינאַנציעלן צושטאַנד, ווי איר מאַיעסטעטישער ברודער.

**סאַלאַדין** — (צולאַכט זיך.) — ווי איך, זאָגסטו? איך בין דען אָרעם?
וואָס דאַרף איך מער, ווי א מונדיר, א שווערד, א פערד צום רייטן
און גאָט צו הילף... און די פיר זאַכן וועלן מיר קיינמאָל ניט פעלן. איך
פאַר זיך, דאַרף גאָרניט, זעסטו אַלחאַפי, דער פאָטער דאַרף א סך,
און צוליב אים זענען מיר אַלע פאַרהענגט... ער — דער פאָטער —
נויטיגט זיך אין א גרויסער ארמעע צוזאַמענשטעלן קעגן די קריסטן,
ער מוז רעטן זיין לאַנד און זיין גלויבן... אָבער איך, אויסער צדקה
פאַר וואוילטעטיגע צוועקן דאַרף אין אַליין גאָרניט. איך האָב אָבער
— אַלחאַפי — אין טעות געלעבט, איך האָב געגלויבט, אז ביי דיר
אין קאַסע איז נאָך דאָ „מותרות".

**אלחאַפי** — מותרות? מיר דוכט, אז פאַר אזא פאַרברעכן. וואָלט איך
פיל מער באַשטראָפט געוואָרן ווי פאַר א גנבה איך זאָל מאַכן...

**סאַלאַדין** — אָבער, וואָס נוצן איצט דיינע חכמות... מע דאַרף זען
געלט! דער פאָטער מוז די קריג באַלד דערקלערן, ניט וואַרטנדיג
דער פיינט זאָל זיין דער ערשטער צו דערקלערן, און אויך די אייגענע
קאַסע אונזערע פאָדערט געלט. ווייסטו ניט ערגעץ, אַלחאַפי, א קוועֿ
לע, ווי צו לייהען? צאָל פראָצענט וויפיל מע פאַרלאַנגט, און באַ־
קום געלט...

**אלחאַפי** — אַזעלכע קרעדיטאָרן איז מיר איינסטוויילן אין ירושלים
ניט באַקאַנט.

**סיטאַ** — דיין גוטער ברודער, אַלחאַפי, איז דאָך שוין פון זיין רייזע
געקומען...

**אלחאַפי** — (דערשראָקן.) — מיין גוטער ברודער? ווער איז ער? —
(שטיל.) — אָ ליבער נאַטאַן, א שווערער וואָלקן לאָזט זיך איצט
ווייזן איבער דיין קאָפּ...

**סיטאַ** — דער איד, פון וועלכן דו קאָנסט זיך גאָרניט אָפּלויבן.

**אלחאַפי** — א איד, וואָס איך מוסולמאַנער דערוויש קאָן זיך ניט
אָפּלויבן? — (שטיל.) — שלעכט נאַטאַן, גאָט אַליין זאָל דיר נאָר
העלפן...

**סימא** — האסטו שוין פארגעסן, אלחאפי, ווי דו פלעגסט שטענדיג לויבן דיין נאטאנען?

**אלחאפי** — נאטאנען מיינט איר? איר האט זיך דערמאנט אין אמאָ־ליגע יאָרן, ווען נאטאן איז געווען א גרויסער גביר, און אויך א גרויסער חכם.. איצט — זאָגט מען אָבער, אז ער איז געפאלן.

**סימא** — פארקערט, איצט זאָגט מען, אז ער איז נאָך רייכער געוואָרן.

**אלחאפי** — איז ער דאָך מסתמא אויך קלוגער געוואָרן...

**סימא** — זאָל זיין אויך קלוגער, ביי אים אָבער, וועסטו קאָנען א גרויסע סומע לייהען.

**אלחאפי** — (כלומרשט פארוואונדערט.) — ביי אים א גרויסע סומע לייהען? סחורות באָרגט ער וויפיל מע וויל, אָבער מזומנים, דארויף איז ער א איד, און דערצו א חכם; זעט איר, אויף צדקות און מעשים טובים שטייגט ער איבער אכטצן סאלאדינס. זיין האנט איז אָפן, און ער איז פרייגעביג פאר אלע מענטשן גלייך, אָן אונטערשיד, פון וועלכעם ס'ניט איז גלויבן.

**סימא** — אויב אזוי, אלחאפי, וועט ער סאלאדינען געווים לייהען, סאַ־לאדין ברויכט אויך געלט אויף צדקה און מעשים טובים.

**סאלאדין** — מיך וואונדערט שוועסטער, דו זאָגסט, אז ער פלעג זיך גאָרניט קאָנען אָפלויבן פונם אידן, און איצט זענען זיינע ווערטער גאָרניט צו זיין לויב... סחורות באָרגט ער, און מזומנים וויל ער ניט לייהען... עפעם דוכט זיך מיר, אז ער האָט א באַזונדער כונה...

**סימא** — האָסט רעכט ברודער, ער וויל דעם גוטן ברודער זיינעם אָפ־דאטעווען פון געלט צו לייהען, און דעריבער באליידיגט ער אים כלומרשט מיט א ענגהארציגקייט. אָבער עס וועט אים גאָרניט העל־פן זיינע דריידעלעך... געלט האָט דער איד, און מער דארפן מיר ניט וויסן...

**סאלאדין** — אָבער מיט געוואלד קענען מיר דאָך זיין געלט ניט נעמען?

**סימא** — באַהיט גאָט, מיט געוואלד אודאי ניט. זיין ליידענשאפט נאָך פראָצענט אָבער וועט אים ניט אָפהאלטן; און ער וועט מיטן גוטן ווילן דאָס געלט לייהען. קום, ברודער, צו מיר אין קאבינעט, וועל איך פאר דיר שפילן אויף מיין נייער הארפע, איך וועל שוין שיקן נאָך דעם אידן, און מיר וועלן עס גלאַט אָפּארבעטן... פארלאָז זיך

שוין אויף מיר, ברודער, עס וועט אַלעס רעכט זיין.

**סאלאדין** — און דו, אלחאפי, ביזט פריי; איך וועל שוין געפונען אן אנדער שליח צו שיקן נאָך נאטאנען... — (גייען אָפּ.)

## פירטעס ביל ד

(אויפן פּלאַץ צווישן נאטאנס הויז און די פּאַלמען.)

נאטאן, רחל, דאיא (אָנקומענדיקע) דערנאָך דער טעמפּלער.

**רחל** — אָך פאָטער! דו האָסט זיך אזוי געזאמט, ער האָט שוין געמוזט אוועקגיין.

**נאטאן** — אָט גייט דאיא. זע נאָר ווי זי לויפט. אַ סימן, אַז ער איז נאָך דאָרט. זיי רואיק טאָכטער.

**רחל** — איך זאָל זיין רואיק? וואָלסטו, פאָטער, געקענט ליב האָבן אזא טאָכטער, וואָס זאָל קאָנען גלייכגילטיג רואיק זיך פארהאלטן צו דעם, וואָס האָט געראטעוועט איר לעבן? דאָס לעבן, וואָס זי האָט פון דיר באקומען...

**נאטאן** — איך ליב דיך טאָכטער, ווי אזוי דו ביזט, איך ווייס אויך, טאָכטער, אז דו פילסט איצט דאָס, וואָס דו האָסט ביז אהער קיינמאָל ניט געפילט...

**רחל** — (רעשראָקן.) — וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן, פאָטער?

**נאטאן** — מיך פרעגסטו? און ביזט נאָך אויך דערשראָקן; שרעק זיך ניט מיין ליב קינד, אויך איך שרעק מיך ניט. עס מעג געשעען וואָס ס'וויל זיך, נאָר דיין האַרץ — ווייס איך — איז אונשולדיק, און ריין ווי אַ מלאך. זאָג מיר נאָר צו, טאָכטער, אז ווען עס וועט קומען אַ צייט, וואָס אַ נייער געדאַנק וועט זיך ארייננגנבה'נען אין דיין מוח, וועסטו עס פאר מיר גאַנץ פריי דערקלערן... דאָס מינדעסטע ניט צו פארבאָרגן?...

**רחל** — אויב אַזאַ צייט קאָן ווען ס'ניט געשעען, ווייל איך די צייט בעסער ניט דערלעבן...

**נאטאן** — גענוג, טאָכטער, זאָלן מיר מער ניט רעדן דערפון. — אָט איז שוין דאיא.

**רחל** — נו, דאיא, ער שפּאַצירט נאָך דאָרט?

**דאיא** — אָט וועט ער באַלד דורכגיין צום מאָנאַסטיר, מוז ער דאָ דורכ־גיין.

**נאַטאַן** — אַלזאָ: גייט איר,ביידע, בעסער אַריין אין שטוב.

**רחל** — יאָ, יאָ, האָסט רעכט פּאָטער. קום דאיא, דורכן פענסטער וועלן מיר אים קאָנען זען. — (גייען ביידע אין שטוב אַריין. נאַטאַן בלייבט אַליין.)

**נאַטאַן** — (צו זיך.) — עפּעס פּלאָנטערט אין מיר מיין האַרץ פאַר דעם מענטשן מיט זיין מאַריש פּרומקייט, און ווילדע אויפפירעכץ. אַזוי פירט זיך עס אין אונזער וועלטעל. איין מענטש דעם צווייטן ברענגט אין אַ פאַרלעגענהייט. (אומקוקענדיג.) — אָט גייט ער שוין טאַקע אַהער — אַ היבשער יונגערמאַן, אויפן אויסזען זער איידעל און אר־טיק. — (פאַרטראַכט.) — ווי האָב איך ערגעץ אַזאַ ענליך געזיכט געזען? אָט איז ער שוין דאָ. — (צום טעמפּלער.) — דערלויבן זי מיר, מיין יונגער העד!

**טעמפּלער** — (מיט פאַראַכטונג.) — וואָס איז איד?

**נאַטאַן** — איך וויל האָבן דעם כבוד, און די פרייהייט מיט אייך צו רעדן.

**טעמפּלער** — אַוועקטרייבן וועל איך דיר געוויס ניט, נאָר זאָג וואָס שנעלער וואָס דו האָסט צו זאָגן, און גיי דיר.

**נאַטאַן** — באַנעם זיך ניט יונגערמאַן, מיט אַזאַ שטאָלץ און פאַראַכ־טונג צו דעם, וואָס דו האָסט זיין האַרץ אויף אייביק געווינען.

**טעמפּלער** — זיין האַרץ געווינען? איך פאַרשטיי שוין, דאָס ביזטו...

**נאַטאַן** — נאַטאַן, דער פּאָטער פון דער טאָכטער, וועלכע דו האָסט פון פייער געראַטעוועט, איצט בין איך געקומען דיר...

**טעמפּלער** — צו דאַנקען? — קאָנסט שוין גיין... מיר קומט קיין דאַנק ניט... איך האָב ניט געוואוסט וועמעס טאָכטער איך ראַטע... מיין לעבן איז מיר דערמעלט צו לאַסט געוועזן, און איך האָב עס גע־וואָלט אָפּפערן פאַר אַ צווייטעס לעבן, עס האָט געמעגט זיין אַפילו אַ אידיש לעבן... אויסערדעם איז עס אַ חוב פון יעדן טמפּלער.

**נאַטאַן** — אַ, דו דערהויבענער - נידעריגער גייסט... איך פאַרשטיי דאָס

ענווות... נאָר דו גייסט שוין אַריבער די גרעניץ פון דעמזעלבן...
אמת מע דאַרף צומאָל זיך פאַרמאַסקירן, כדי אויסצומיידן כבוד און
לויב, פאַר א וואוילטאַט, אָבער ניט אויף אַזוי פיל, אַז די גוטע
טאַט זאָל נאָך דאַרפן געטאַדעלט ווערן... זאָג עדלער הער, מיט וואָס
קאָן איך דיר דינען?

**טעמפּלער** — מיט קיין זאַך ניט...

**נאַטאַן** — איך בין א מיליאָנער.

**טעמפּלער** — אָבער דאָך א איד!

**נאַטאַן** — אָבער דעם אידנס געלט קאָן דאָך דיר, פאַר געווים, נוצן
ברענגען?

**טעמפּלער** — איינגעטוויילן ניט, אפשר אין דער דער צייט ווען די
ריזע מיינע וועט צעריסן ווערן, וועל איך ביי דיר לייהען עטליכע
מעזשעדיעס צו קויפן א נייע, נאָר דערווייל איז די ריזע נאָך כמעט
גאַנץ ניי, אויסער דאָס איינציגע צוגעסמאָלעטע פלעקעלע ביי דער
זוים, וואָס האָט זיך צוגעברענט בעת ראַטעווען דיין טאָכטער פונם
פייער.

**נאַטאַן** — (באַטראַכט דאָס פלעקעלע) — אַזאַ נישטיק פאַרסמאָלעט
פלעקעלע, און איז דאָך אַזא דייטליכע עדות, אויף דעם הויכן דער־
הויבענעם גייסט פון דעם, וואָס וויל זיין גוטע טאַט פאַרלייקענען..
אוי ווי טייער איז מיר דאָס נישטיקע קליינע פלעקעלע.. — (קושט
עס.) — פאַרצייע מיר, מיין הער...

**טעמפּלער** — אויף וואָס?

**נאַטאַן** — אויף דעם, וואָס איך האָב עס באַנעצט מיט מיינער א טרער.
א! זאָלסט מיר וועלן דאָס געפעליגקייט טון און שיקן די ריזע אויף
עטליכע מינוט צו מיין טאָכטער.

**טעמפּלער** — (שטיל.) — דער איד וויל מיר צו איבעריגן פאַרטומ־
לען מיין קאָפּ... — הויך.) — א איד! ווי רופט מען דיך? נאַטאַן?
א נאַטאַן, קאָנסטו גוט און שיין רעדן... האָסט שאַרפע פיילן, און
פאַרשטייסט מיט זיי ריכטיג צו צילן... יאָ, דאָס קאָן מען ביי דיר
ניט אוועקנעמען — איך זאָל וועלן שיקן?...

**נאַטאַן** — ניט פאַר מיר קאָן דיין מאַסקע פאַרשטעלן דיין טיף פלא

מענדיק האַרץ... איך ווייס, פאַרוואָס דו האָסט זיך אויסבאַהאַלטן ביז אַהער פאַר איר? דו האָסט ניט געוואָלט קאָמפּראָמעטירן דעם ערליכן נאָמען פון אַ אומשולדיגעם פרומעם מיידעל, אין דער צייט ווען איר פאָטער איז ניטאָ.

**טעמפּלער** — איך דאַנק דיר, וואָס דו פאַרשטייסט, וואָס פאַר אַ טעמפּלער פּאַסט צו דענקען...

**נאַטאַן** — אויסער אַ טעמפּלער, דאַרפן אַלע פרומע אָרענטליכע מענטשן אַזוי דענקען, און פרומע מענטשן געפונען זיך אויך אויף דער וועלט אויסער טעמפּלער.

**טעמפּלער** — גאָר אָן אַ אונטערשיד פון לאַנד צו לאַנד, פון מענטש צו מענטש?

**נאַטאַן** — אַ אונטערשיד? נו, געוויס, אין די טיפן, שפּראַכן או קליידונג...

**טעמפּלער** — נו, און אין די מדרגה, „אָרענטליכקייט", און אין דער צאָל „אָרענטליכע", איז קיין אונטערשיד ניטאָ?

**נאַטאַן** — פון גאַנץ הויכע נשמות, פון אויסעראָרדענטליכע גייסטיקע העלדן און באַרימטע געניען, קאָן איך ניט אָפּשאַצן די צאָל זייערע, און אונטערשיידן די דערהויבענע אייגנשאַפט זייערע. נאָר אַזעלכע פּשוטע מענטשן ווי מיר זענען, איז געוויס דאָ אומעטום זער פיל, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט גוטע מעשים. און עס מאַכט דאָך ניט אויס די אויסצייכענונג מיט אַ שטופּע העכער אָדער נידעריגער. די הויפּטזאַכע, איז צו שעצן דעם אָרענטליכן, און זיך רעכענען מיט זיין אָרענטליכקייט, ווען איינער זוכט ניט ביים צווייטן קיין פעלער, און איינער ביים צווייטן זאָל ניט איבריג, און צו שווער זיין... דער באַרג זאָל זיך ניט האַלטן אַזוי הויך, אויף צו זאָגן דער ערד: „ ניט דו האָסט מיך געבוירן"...

**טעמפּלער** — גאַנץ ריכטיק נאַטאַן... נאָר זאָג זשע מיר, נאַטן, אויפריכטיק, וועלכעס פאָלק האָט צום ערשטן אָנגעהויבן פעלער אויסזעצן אַלע איבעריקע פעלקער? ניט דאָס עלטסטע פאָלק, וואָס האָט זיך

מיך צום שלעכטן אורטיילן, ווען איך קוק מיט פאראכטונג אויף דעם פאָלק, וואָס האָט, אָט די שטאָלצע „אתה בחרתנו" ירושה, איי־בערגעגעבן, אי דעם קריסט, אי דעם מוסולמאַנער אויף עביג?... דאָס פאָלק האָט זיי אויסגעלערנט, זיי זאָלן אים זיינע אייגענע ווערטער נאָכשרייען: דעם אייגענעם „אתה בחרתנו", „נאָר מיין גאָט אַליין איז דער אמת'ער גאָט"?... דו וואונדערסט זיך, נאטאן, פון א טעמפּלער אַזעלכע ווערטער צו הערן? זאָג זשע אַליין: איז דאָס ניט, ניט נאָר אַ דומהייט, נאָר אויך א לעסטערונג צו שפּאַסן מיט גאָט... און שרייען: „דער אמת'ער גאָט איז נאָר מיינער", און מיט דעם פינסטערן אומווירדיגן שטאָלץ, מיט דעם פאלשן אייפער, מיט געוואַלד וועלן ארופציען אויף א צווייטן דעם יאָך פון זיין גאָט? און דאָס פאנאטיזם האָט שוין אויף אזוי פיל פארדעקט דעם אמת, אז אפילו דער גראדער פארשטאנד טאפּט שוין אויך אין דער שטאָק פינסטערער נאכט.

**נאטאן** — ווער זשע איז אייך שולדיק, אַז איר טייטשט אויס פאַלש דעם „אתה בחרתנו"? זאָגט דען דער איד, אַז ער איז דער איינציקער מבין אויף דעם גרויסן מאַלער'ס בילד? איר, נאָר איר, שרייבט עס אים צו אַזוי! דער איד זאָגט ניט מער, נאָר, אז ער איז דער ערשטער „מבין" געווען אויף דעם געטליכן בילד, ער לייקענט אָבער ניט אָפּ, אז ס'זענען דאָ אויך אנדערע „מבינים"... פארקערט; ער וויל, ער פארלאנגט, ער גארט, צוזאמען מיט אַלע אנדערע מבינים, ריכטיקער און טיפער צו באַטראַכטן דאָס טייערע בילד, און צוזאַמען באוואונדערן און דאנקען דעם גרויסן קינסטלער פאר זיין קונסט־בילד... דער איד וויל שטענדיק זיין מבינות ארויסזאָגן מיט אַלע אנדערע מבינים צו גלייך... נאָר איר שטאָלצע מבינים, ווילט דעם אידנס מבינות אינגאַנצן אָפּלייקענען... אייך שטייט ניט אָן, אייך פּאַסט ניט, וואָס ער איז אויך א מבין געווען, און נאָך דער ערש־טער!... דער איד וויל ניט — ווי דו זאָגסט — מיט געוואַלד ארויפ־ציען דעם יאָך פון זיין גאָט, אויף אַלע אנדערע. דאָס איז ניט דער פּרינציפּ פון זיין רעליגיע, דאָס ליגט ניט אינם אידנס כאראקטער. איר, נאָר איר, ווילט אזוי... מיר אידן ווילן, אז פון אַלע מבינים זאָל

דאָס אמת'ע מבינות זיך ארויסווייזן, און איר ווילט נאָר דער
א יי נ צ י ג ע ר  מבין זיין.

**טעמפּלער** — א נאטאן: ביזט גרויס...

**נאטאן** — עדלער הער! קום, זאָלן מיר שליסן א אייביק ברודערשאפט צווישן זיך... אויב מיין פאָלק איז דיר ניט געפעלן, זאָלן מיר פון אונזערעביידענס נאציאָנען ניט רעדן. מיר ביידע — נעם אָן — זענען צוויי נאציאָנען... און שטעל זיך פאָר, וואָס זענען מיר ביידע סיי „קריסט", און סיי „איד"? ניט מענטש? און קוים מיר געפונען זיך פארנוצליכע מענטשן איינער פארן צווייטן, וואָס זשע קאָן אָפּ־האַלטן אונזער פריינטשאַפט?...

**טעמפּלער** — ביי גאָט, נאטאן, דו האָסט רעכט! — איך בין דיינער! גיב מיר דיין האַנט, איך שעם זיך איצט פאר זיך אליין, וואָס איך בין אַזוי געווארט, אזוי פארפירט געווען. יאָ, א אייביקע בונג זאָל צווישן אונז געשלאָסן ווערן.

**נאטאן** — זי איז שוין געשלאָסן... אך ווי גליקליך וועט רחל זיין איצט, און וואָס איך דענק ערשט אויף ווייטער... נאָר צום אלעם ערשטן קום מיט מיר צו איר און דערקען זי אויך...

**טעמפּלער** — אך ווי איך בין גערן איצט זי צו זען... נאָר זע, נאטאן, דאיא לויפט עפּעס אהער, איז חלילה עפּעס מיט רחל'ן געשען?...

פּאָריגע — דאיא.

**דאיא** — הער נאטאן, דער סולטאן סאלאדין האָט זיין אדיוטאנט נאָך אייך געשיקט.

**נאטאן** — דער סולטאן? נאָך מיר? דאָס איז אזוי ניט נאָך מיר, ווי נאָכן געלט... און דאָס איז א סימן, אז די באנייעטע קריג מוז היינט אָדער מאָרגן אויסברעכן. גיי, דאיא. זאָג. אז איך וועל גלייך באַלד אליין קומען צום סולטאן, און רחל'ן זאָלסטו זאָגן, אז זי זאָל איר מלאך מיט יעדער מינוט דערוואַרטן.

**טעמפּלער** — קאָנסטו שוין סאלאדינען פערזענליך?

**נאטאן** — ניין, אָבער מיר וואָלט זיך געוואָלט בעסער אים קענען פון

ווייטן דורך די שבחים וואָס מע זאָגט אים נאָך... יעדנפאַלס דאַרף איך אים זער און זער דאַנקבאַר זיין פאַר זיין רעטן דיך פונם טויט.

**טעמפלער** — יאָ, מיין לעבן האָב איך נאָר אים צו פאַרדאַנקען.

**נאַטאַן** — און איך דאַרף אים דאַנקען פאַר דריי לעבנס. ווייל ווען די וואָלסט געטויט געוואָרן, וואָלט רחל פאַרברענט געוואָרן, און איך וואָלט פאַר צער געשטאָרבן. און דעריבער וועל איז זיין וואונש, מיט דער גרעסטער פרייד — ווי שווער ס'זאָל ניט זיין פאַר מיר — אויספאָלגען, איך וועל אים אָנמערקן אז איך טו עס, דאַנקענד דעם חסד, וואָס ער האָט קעגן דיר באַוויזן.

**טעמפלער** — ווי דאַנקבאַר וואָלט איך דיר געווען, ווען דו קאָנסט אויסווירקן ביי אים, איך זאָל אים פערזענליך מיין דאַנקבאַרקייט אויסדריקן.

**נאַטאַן** — נאָך דער מעגליכקייט, וועל איך מיט סאַלאַדינען רעדן וועגן דער דערלויבעניש פאַר אוידיענץ דיר צו געבן; נאָר זאָג מיר, ווען וועסטו מיר פאַרשאַפן דעם כבוד צו באַזוכן מיין הויז?

**טעמפלער** — מעגליך נאָך היינט.

**נאַטאַן** — דעם עיקר האָב איך פאַרגעסן. מיר איז דאָך דיין נאָמען ניט באַוואוסט?

**טעמפלער** — מיין נאָמען איז געווען... ער איז: „קורד שטעפאַן”.

**נאַטאַן** — שטעפאַן? — (פאַרטראַכט.) — איז נאָך דאָ ווער פון דער פאַמיליע שטעפאַן?

**טעמפלער** — יאָ, מערערע פון דער פאַמיליע זענען באַערדיקט געוואָרן דאָ, אין ירושלים. איך ווייס פון אַ פעטער, אָדער אַ פאָטער־מיינער... — (פאַרוואונדערט.) — אָבער וואָס קוקסטו מיך אזוי, ווי אַ פאַרוואונדערטער, אָן?

**נאַטאַן** — קיין באַזונדערע סיבה, נאָר פשוט איך וויל דיין געזיכט אין מיין האַרצן אָפּשפּיגלען...

**טעמפלער** — אויב וועגן דעם, וועל איך מיר דאָס פּנים פאַרשטעלן... ווייל די אויגן געפונען נאָך מער, — אין דער צייט ווען זיי זוכן יענעם נאָכשפּירן — וויפיל זיי האָבן אליין פאַרלאַנגט צו וויסן... און פאַר אזוינע אויגן האָבן איך מורא...

**נאטאן** — (שטיל.) — „די אויגן געפונען נאָך מער וויפיל זיי האָבן אַליין פאַרלאַנגט צו וויסן“? אמת, ניט נאָר איך זע אין אים וואָלפס בילד, נאָר אויך זיין שטימע הער איך. איך באַמערק עס אפילו אין זיין גאַנג, אין זיין בליק. אַלע זיינע מאַניערן זענען ענליכע צו וואָלפן — שטעפאַן... יאָ, דאָס איז ער — פאַלינעק — שטעפאַן. *
(אַלחאַפי קומט אָן.)

**אלחאפי** — זיי מיר געגרוסט ברודער נאטאן.

**נאטאן** — א דאַנק. וואָס זשע מאַכסטו ברודער, ביזט נאָך ניט אנטלאָפן אין דער וויסטע אריין? — (צום טעמפּלער.) — איך האָב דעם כבוד פאָרצושטעלן פאַר אייך מיין אַלטן פריינט, געוועזענער דערוויש, איצט פינאַנסמיניסטער ביי סאַלאַדין. — (צו אלחאפי.) — א טעמפּלער פון גערמאַניע, מיין נייער הארציקער פריינט, דער רעטער פון מיין טאָכטער. — זאָג זשע מיר אלחאפי, וואָס דאַרף מיך סאַלאַדין אַזוי נויטיג?

**אלחאפי** — ער האָט דען געשיקט נאָך דיר?

**נאטאן** — און דו, ביזט ניט פון אים געשיקט געוואָרן צו מיר?

**אלחאפי** — איך? ניין. דו קאָנסט אודאי מיינען אז אויף מיין פאַרלאַנג, אָדער מיין עצה, ווערסטו גערופן צו אים? גיב איך דיר מיין ערן־וואָרט, נאטאן, אז איך בין אין דעם גאָרניט שולדיק. גאָט איז מיין עדות, אז איך האָב אים אָפּגערעדט, איך האָב אָנגעווענדעט אַלע מעגליכקייטן דיך צו באַפרייען פון דעם וויזיט, וועלכער וועט פאַר דיר געווים ניט אנגענעם זיין.

**נאטאן** — וואָס זשע וויל ער דען אַזוינס פון מיר?

**אלחאפי** — וואָס זאָל סאַלאַדין פאַרלאַנגען פון אידן? — געלט!

**נאטאן** — א, דאָס וויל ניט נאָר סאַלאַדין, נאָר אויך אַלע אנדערע ווילן דאָס פון א אידן..

**טעמפּלער** — ווייל דאָס באַקומט מען נאָר ביים אידן...

**אלחאפי** — יאָ, ניט נאָר געלט, נאָר אויך רעליגיע, איז געווען דער

---

* דער לייענער וועט זיך אין די לעצטע בילדער דערוויסן וואָס פאַר א שייכות וואָלף, פאַלינעק־שטעפאַן האָבן מיטן טעמפּלער.

ערשטער קוואַל ביים אידן, פון וועלכן אנדערע האָבן אָנגעהויבן שטילן דעם דורשט...

**נאַטאַן** — און נאָכן שטילן דעם דורשט צו פאַרוואַרפן אים מיט שטיי־נער...

**טעמפּלער** — און נאָכן פאַרוואַרפן מיט שטיינער, קוועלט ער ווייטער.

**נאַטאַן** — דאַנקענד אַזעלכע דערווישן, און פעמפּלהערן, וואָס די השגחה שיקט צו אין יעדן דור.

**ביידע** — איבערהויפּט אזוינע נאַטאַנס...

**נאַטאַן** — אָט רוקט זיך אָן אַ נייער שוואַרצער וואָלקען אויף דער מענטשהייט... די כלומרשט הייליקע קריג, וועט געווים אין גיכן דערקלערט ווערן, און די ערד וועט ווייטער זיך אָנזאַפּן מיט פריש, הייס מענטשן־בלוט,און אידישעס — איבערהויפּט...

**אַלחאַפי** — וועלכע זשע איז די אורזאַכע?

**טעמפּלער** — (שמערצליך.) — די אורזאַכע איז דער אַלטער היסטאָ־רישער גרייז... איבערן ערשטן קרבן צו גאָט... האָט שוין אַ ברודער דעם צווייטן דערהרג׳עט...

**נאַטאַן** — זאָלן מיר פאַררעכטן דעם גרייז... מיר זענען דאָ דריי א י י נ ס ן פון דריי גלויבנס, וועלכע, אין פּרינציפּ זענען זיי אַלע נאָר א י י נ ס. איין פונדאַמענט, אויף וועלכן אַלע די דריי זענען געגרינדעט, דער פונדאַמענט איז ניט קיין אַנדערער ווי דער: „ואהבת לרעך כמוך", ליב דיין חבר ווי זיך אַליין; זאָלן מיר איצט שליסן אַ דריי־גלויבנס־בונד, אונטער דער עמבלעמאַ פון „מענטשן־ליבע"... און זאָלן מיר האָפן, אַז עס וועט קומען אַ צייט, וואָס פון אַלע „איינסן", ביי די דריי נאַציאָנען, וועט ווערן אַ אייביגער „איינס"... די הענט געשטרעקט אויף אייביגער אחדות...

**ביידע** — (ענטוזיאַסטיש.) — עס זאָל לעבן דער דריי־גלויבנס־בונד... (גיבן זיך אַלע די הענט.)

**אַלע** — אַ עביגע שבועה פאַר דער רעליגיע: „דער מענטשן־ליבע"!

(בענגאַליש פייער. אַ מלאך דערשיינט מיט אַ וועגזל, אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן דאָס וואָרט: „מענטשן־ליבע".)

פ אָ ר ה אַ נ ג  פ אַ ל ט.

## דריטער אקט

### פינפטעס בילד

(ביי רחל׳ן אין קאבינעט.)

רחל — דאיא.

**רחל** — ווי אזוי האָט דער פאָטער געזאָגט, דאיא? — „זאָל זי אים דער־וואַרטן יעדע מינוט?"" — א, ווי טייער איז די מינוט פאַר מיר, וועלכע וועט אים ברענגען צו מיר. אָבער ליבע דאיא, וואָס וועט זיין, ווען די גליקליכע מינוט וועט שוין קומען, און דער וואונש פון מיין לעבצענדער נשמה וועט שוין דערפילט ווערן, וואָס זשע וועט דערנאָך זיין? וואָס וועט דערנאָך אָנפילן מיין לעבצענדע נשמה? וועט זי דען ניט בלייבן, ניט נאָר לעדיג און וואַכנדיג, נאָר אויך שמערצליך. אך! ווי שרעקליך איז צו דענקען וועגן דעם...

**דאיא** — דעמעלט — טייערע רחל — וועט מיין וואונש, מיין ברענענ־דיגער וואונש, דערפילט ווערן. דער וואונש, דיך צו זען אויפבליען אין אייראָפּאַ, אונטער אַזעלכע געזעלשאַפטן ווי דיר פּאַסט...

**רחל** — האָסט א טעות — ליבע דאיא — דיין וואונש, קאָן מיינער בשום אופן ניט זיין. פאַר וואָס ווילסטו אין אכט ניט נעמען, אַז דאָס זעלבע וואָס דיינע באַנדן ציען און בינדן דיך צו דיין פאָטער־לאַנד, ציען און בינדן מיך אויך מיינע באַנדן צו מיינעם... אך, ווי ליב און טייער, איז מיר דאָס לאַנד „ארץ ישראל" בכלל, און די היילינע שטאָט ירושלים בפרט...

**דאיא** — פאַרגעס אָבער ניט ליבע רחל, אז די השגחה, אין וועלכער דו גלויבסט אודאי, פאָלגט אוים דאָס, וואָס ס׳איז פון איר אָנגעצייכנט. ווער ווייסט, אויב דיין רעטער, איז ניט געשיקט געוואָרן פון זיין

גאָט, פאַר װעלכן ער קעמפּפט דאָ, ער זאָל דיך ניט פירן און ברענ־
גען צו דעם פאָלק און צו דעם לאַנד, װעלכעס איז פאַר דיר פון
גאָט אָנגעצייכענט געװאָרן... ?

**רחל** — דו רעדסט װידער — דאיא — דײַנע דומהייטן? פון זײַן „גאָט"
— זאָגסטו — פאַר װעלכן ער קעמפּפט. — גאָט איז עפּעס איי־
נעמס „גאָט", װי איינעמס א „זאַך". איז גאָט אַזוי הילפלאָז, אַז
מע דאַרף קעמפּפן פאַר אים? און װעגן דאָס דאָס לאַנד, װעלכעס איז
אָנגעצייכענט פאַר מיר, — זאָג מיר נאָר דאיא, פאַר װאָס זאָל טייע־
רער זיין דאָס שטיקל ערד אין דער פרעמד, עס זאָל דוקא װערן
אָנגעצייכנט פאַר מיר, װי דאָס שטיקל ערד אויף װעלכעס איך בין
געבוירן און דערצויגן, און אָנגעצייכנט ניט נאָר פאַר איין פּערזאָן,
נאָר פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק?... װאָס האָט דיר מיין פּאָטער פאַר
א שלעכטס געטון, װאָס דו שטרעבסט מיך אָפּצורייסן פון אים, און
אָנװייזן מיין גליק ערגעץ אין א װייט לאַנד. מיט װאָס האָט ער זיך
אַזוי פאַרזינדיקט קעגן דיר, װאָס דו װילסט ארומפּלאַנצן מיט דער־
נער מיין האַרץ, אין װעלכעס ער האָט זיינע גוטע ריינע קערנער
פאַרזעעט? דו װילסט מיר איינרעדן, אַז דיינע פּלאַנצונגען זענען
בלומען? איך האָב אָבער מערערע מאָל דיר געזאָגט, אַז מיין האַרץ
איז ניט מסוגל איינצוװאָרצלען אין זיך דיינע שיינע בלומען... און
װאָס מער זיי שמעקן דיר, אַלץ מער פאַרטשאַדן זיי מיך... א דאיא!
דיין ליבער מלאך, אָדער מלאכים װאָס דו ברייננסט אראָפּ צו מיר
פון דיינע פאַנטאַסטישע הימלען, זענען פאַר מיר, ניט קיין מלאכים
נאָר דעמאָנס... אך, װי איך שיים זיך פאַר אזא נאַרישן געדאַנק,
װאָס פּילט אָן דיין מוח...

**דאיא** — אַ נאַרישער געדאַנק? װי עס שיינט, גלויבסטו — רחל — אַז
נאָר ביי אייך אין הויז געפינט זיך די גאַנצע חכמה?... אך! װאָלט
איך נאָר געקענט רעדן...

**רחל** — װער זשע פאַרװערט דען דיר צו רעדן? האָב איך דען מיט
װעניג ערנסט, און אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט דיינע אַלע גע־
שיכטעס פון די גרויסע העלדן, װאָס פירן מלחמה פאַר דיין גלויבן?
האָב איך זיי דען ניט באַװאונדערט, און װען אויך מיר איז קיינ־

מאָל ניט צו האַרצן מלחמות, וואָס ווערן געפירט פאַר אַ גלויבן, האָב איך דאָך די העלדן באַוואונדערט פאַר זייער ערנסט. און זיי אין געדאַנק רעספּעקטירט, ווייל די ערנסטקייט איז אַ טוגענד, וועלכע דאַרף רעספּעקטירט ווערן, אַזוי האָט מיך מיין פאָטער געלערנט. און דו אַליין — דאַיאַ — האָט דאָך עס מערערע מאָל באַשטעטיקט... צו וואָס זשע ווילסטו איצט צעשמעטערן דעם בנין, וואָס דו האָסט מיט דיינע אייגענע הענט געבויעט? אָבער טייערע דאַיאַ, האָבן מיר דען דאָס רעכט מיט אַזאַ שמועס אָפּצוּוואַרטן, און אויפנעמען אונזער ליבן טייערן האַרצנפריינט? — ווירקליך איך וואָלט זער געוואָלט הערן זיין מיינונג איבער... מיר דוכט זיך, אַז ער קומט אָן, עס הערט זיך טריט... — (אַ דינער עפנט די טיר, און ווייזט אָן רחל׳ס קאַבינעט.)

פּאַריגע — טעמפּלער.

**רחל** —(גערייצט, אָבער באַהערצט.) — בויגט זיך חנ׳עוודיק פאַר אים. אָט איז ער, מיין רעטער פונם טויט!

**טעמפּלער** — אַ לאַנגע צייט זיך אָפּגעהאַלטן פון צו קומען, אום אויסצומיידן דאָס דאַנקען, וועלכעס איז פאַר מיר דערווידער, אם ענדע...

**רחל** — מיט מיין בוינן זיך פאַר אַזאַ הויכן שיין־גייסט בין איך אויסן נאָר צו דאַנקען גאָט, ניט דעם פערזאָן וואָס שטייט פאַר מיר; פאַר אים איז דאָך דער דאַנק אַ דומהייט, ער דולדעט עס ניט. ער רעכנט זיך דאָך ווי דאָס וואַסער־געשיר מיט וועלכעס מע לעשט אַ— פייער, ניט וויסנדיק און ניט פילענדיק די גרויסע ווערט וואָס זי טוט מיט איר לעשן... דער הער איז אויך אין דער מדרגה, אַ צופאַל האָט אים צום פייער געבראַכט, אַ צופאַל האָט מיך אין זיינע אָרעמס געוואָרפן, און אַ צופאַל האָט אונז ביידע פונם פייער גערעטעט. און ער האָט זיך קיין רעכנונג ניט אָפּגעגעבן וואָס ער האָט געטון... און דעריבער וואָס זשע האָב איך אים צו דאַנקען? ס׳איז דאָך אַ אינסטינקטיווער חוב ביי אַלע טעמפּלער, וועלכע זענען ווי אַ דרעסירטע

היה, וואָס לויפט אויף דעם געב־טערם באַפייל אין פייער און וואסער
**טעמפּלער** — (באַטראַכטדיק זי שטווינדעט.) — אזוי אזוי — דאַיא האָסט זיך נוקם געווען אין מיר. אַלע נאַרישקייטן וואָס איך האָב פאַר דיר אַרויסגעזאָגט אין דער צייט פון פאַרצווייפלונג האָסטו איר — ווי עס שיינט — וואָרט און וואָרט איבערגעגעבן. אַ דאַנק דיר פאַר דער טובה.
**רחל** — ווי עס שיינט, האָסטו פון דיין פאַרצווייפלונג קיינעם קיין חלק ניט געוואָלט געבן... אַך, דו עגאָאיסט!
**טעמפּלער** — אך דו שיינער, קלוגער מלאך! מיין נשמה שוועבט עס צווישן הערן און זען, און איך וויים ניט, וועלכעס פון די צוויי דעם פּאַרצוף צו געבן... אַ, ניין, דאָס איז ניט די פריילין, וועלכע איך האָב פונם פייער גערעטעט... וואָלט זי אַזעלכע געווען, ווער וואָלט מיך ניט איבערגעיאָגט, זי צו רעטן? ווער וואָלט עס אויף מיר גע־וואַרט? און אפשר... אפשר די טויט־שרעקן ענדערן דעם מענטשן....
(שווייגט פאַרטיפט קוקנדיק אויף איר.)
**רחל** — און איך געפין דיך איצט דעמזעלבן ווי דעמעלט... — (אויך שווייגענט פאַרטיפט און באַטראַכט אים.) — און איצט, יונגער העלד, זאָג אונז וואו ביזסטו ביז צו דיין קומען אהער געווען? אָדער זאָג מיר, וואו ביזטו איצט אין דעם מאָמענט?
**טעמפּלער** — איצט בין איך אויף אַזאַ אָרט, וואָס איך וואָלט שטאַרק באַדויערט, ווען איך זאָל דאָרט ניט זיין.
**רחל** — און דאָרט וואו דו ביזט געווען?...
**טעמפּלער** — דאָרט וואו איך בין געווען? דאָרט? אויפן באַרג? — ווי רופט ער זיך? — יאָ אויפן באַרג סיני בין איך געווען...
**רחל** — אויפן באַרג סיני? פאַרטרעפליך — אויסגעצייכנט! איצט וועל איך פונם גאַנצן אמת זיך קענען דערוויסן...
**טעמפּלער** — וועלכן אמת, מיינסטו? אויב ס'איז נאָך צו זען דאָס אָרט וואו משה איז פאַר גאָט געשטאַנען אין דער צייט?...
**רחל** — (פאַלט אים אריין אין די רעד.) — ניין, דאָס דאַרף איך זיך ניט דערוויסן, וויל, וואו משה איז ערגעץ וואו געשטאַנען, איז ער געווים פאַר גאָט געשטאַנען... איך וויל נאָר וויסן, ווי דאָס אָרט האָט אויף דיר געווירקט?

**טעמפלער** — אויף מיר? מיט א ענדערונג... אָבער וואָס האָסטו איצט דיינע אויגן אראָפּגעלאָזט? הויב זיי אויף, זאָל איך דורך זיי אין דיין הארץ אריינקוקן... אך רחל, רחל! זיינע ווערטער, וועלכע האָבן די ענדערונג אין מיר געמאכט, זענען פּראָפּעטישע, אָדער ריכטיקער געזאָגט: געטליכע...

**רחל** — וועמעס ווערטער?

**טעמפלער** — דיין ליבענסווירדיגען פּאָטערס ווערטער וועגן דיר... אָבער... וואו איז דער פּאָטער? זאָל ער נאָך ביז איצט ביי סאלאַדינען זיין?

**רחל** — געוויס.

**טעמפלער** — ניין, ער איז ניט דאָרט, איך האָב מיך דערמאנט. ער וואַרט אויף מיר געוויס דאָרט ביים מאָנאַסטיר, אזוי האָבן מיר אָפּגערעדט צווישן זיך. אַ, איך לויף אים ברייננגען.

**דאיא** — איך וועל גיין — מיין הער — און איר בלייבט יאָ.

**טעמפלער** — ניין, אויף מיר וואַרט ער, ניט אויף דיר. און ווער ווייסט, אפשר איז ער געגאַנגען צו סאלאַדינען. יעדנפאלס, וועל איך גיין זיך דערוויסן און גלייך צוריק קומען. צום ווידערזען... (ער גייט אוועק.)

**רחל** — ווער ווייסט אויב ער וועט אזוי שנעל צוריקקומען, אָבער ליבע דאיא, וואָס פאר א באדייטונג האָט דאָס וואָרט „ענדערונג" מיט וועלכן ער האָט זיך אויסגעדריקט?

**דאיא** — געוויס א ענדערונג צום גוטן, און ניט צום שלעכטן. צום גוטן, וואָס קאָן דיר גליק ברייננגען.

**רחל** — מיר גליק ברייננגען? נו, און דער גרעניץ וועלכער איז צווישן מיר און אים?

**דאיא** — דער גרעניץ איז קיינמאָל ניט געווען...

**רחל** — איך פארשטיי דיך ניט?

**דאיא** — מיט דער צייט וועסטו עס פארשטיין...

**רחל** — שטענדיג זענען דיינע ווערטער א רעטעניש פאר מיר.

**דאיא** — זיי וועלן סוף כל סוף קיין רעטעניש ניט זיין.. (זיי גייען אָפּ.)

מ ש ה   ר ו ב י ן

## ז ע ק ס ט ע ם ב י ל ד

סאלאדין — סיטא.

**סאלאדין** — צו וואָס האָב איך עס באַדאַרפט?
**סיטא** — נאָר ניט ווערן אויפגערעגט.
**סאלאדין** — ניט זיין אויפגערעגט? זאָג מיר סיטא, ווען האָב איך נאָך געפּרואווט שפּילן אַזא פאַלשע ראָל, צו פארשפּרייטן גאָר פלור־צים אַ נעץ אויף אַ אומשולדיגן מענטשן, כדי צו באַקומען זיין געלט?
**סיטא** — געלט ברודער, גיט דיר די מעגליכקייט צו קאָנען נקמה נעמען אין דיינע פיינט.
**סאלאדין** — אָבער וואָס וועט זיין, אז דער איד איז ווירקליך אַזאַ דערהויבענער, ווי אַלחאפי האָט אים פאַר אונז אָפּגעלויבט?
**סיטא** — ווען אַזוי, דאַרפסטו דאָך אודאי קיין יסורים ניט האָבן. אַ נעץ דאַרף מען נאָר פארשפּרייטן פאַר אַ שלעכטן קאַרגן פּראָצענט־ניק, אָבער ניט פאַר קיין אָרענטליכן, איז דאָך איינס פון די ביידע: אָדער ער וועט דיר מיטן גאַנצן האַרצן די טובה טון, אָדער ער וועט זיך מיט זיין חכמה אויף אַן עדלער אַרט באַפרייען, און ניט מער.
**סאלאדין** — הער אוים שוועסטער, דו גיבסט מיר אין די הענט אַ עדלען אינסטרומענט, און איך האָב מורא, ער זאָל ניט צעבראָכן ווערן, נאָך איידער איך וועל אויף אים אָנהויבן שפּילן. אויף שווינדעל, ווייסטו— בין איך קיין מייסטער ניט. אָבער די זאַך איז שוין פאַר־פאַלן, מע האָט אים שוין גערופן, און ער וועט מסתמא באַלד קו־מען; איך וועל שוין זען טון, וואָס נאָר מעגליך איז. נאָר, ווילן, וויל איך בעסער, ס'זאָל גאָרניט מעגליך זיין. גיי זשע, סיטא, אין דיין צימער אריין און פארלאָז זיך שוין אויפן שיקזאל.
**סיטא** — איך וועל דאָ זיין אינם צווייטן צימער.
**סאלאדין** — אונטערהערן זיך איז ניט אנשטענדיק... נאָר גיי שוין שנעלער, ווייל איך הער טריט אין קאָרידאָר. ער איז שוין אודאי געקומען. — (סיטא גייט אָפּ.)

(סאלאדין זעצט זיך אויף זיין שטול.)

**קאמערדינער** — א אידישער קאָמערציאַנט, נאטאן.

**סאלאדין** — דערלויב אים אריינצוקומען.

**נאטאן** — (פארבויגט זיך.) — אויפן רוף פון אייער מאיעסטעט.

**סאלאדין** — קום נענטער, איד, האָב קיין מורא ניט.

**נאטאן** — מורא אויף דיינע שונאים — מאַיעסטעט.

**סאלאדין** — דו ביזט נאטאן דעם חכם?

**נאטאן** — איך בין נאטאן.

**סאלאדין** — אָבער דיך רופט מען חכם?

**נאטאן** — עס קאָן זיין.

**סאלאדין** — עניוותדיגע רעד צו הערן, דאָרט ווי מע וויל געפונען חכמה, איז זער ניט אנגענעם. — (אויפשטייענד.) — איך וועל דיר זאָגן וואָס איך פארלאנג פון דיר. נאָ זע, איד, זאָלסט מיר א אויפ־ריכטיגען ענטפער געבן אויף מיין פראגע וואָס איך וועל דיר שטעלן.

**נאטאן** — זיי זיכער, מאַיעסטעט, אז איך וועל נאָך דער מעגליכקייט, דיין וואונש דערפילן.

**סאלאדין** — מיין פראגע באשטייט אין דעם: זאָלסט מיר ענטפערן, וועלכעס גלויבן געפעלט דיר אמבעסטן, און וועלבע רעליגיע גיבסט דו דעם פארצוג איבער אלע אנדערע?

**נאטאן** — (דערשטוינט.) — מאַיעסטעט, איך בין א איד.

**סאלאדין** — און איך א מוסולמאַן. און צו אונזביידע איז נאָך דאָ א קריסט. איינע פון די דריי גלויבנס מוז דאָך די ריכטיגע זיין. דער־ריבער פארלאנג איך זאָלסט מיר לאָגישערווייזע, מיט דיין שכל די טען, מע זאָל זיי ניט קענען אָפּוועגדן... נאָר כדי דיר געבן צייט זיך פראגע דייטליך לעזן... געדענק, דורך לאָגישע, איבערצייגענדע פאַק־צו באַדענקען, לאָז איך דיך דערווייל אליין, און איך וועל שפּעטער מיט א שעה אריינקומען.

**נאטאן** — (אליין.) — צו אזא געפערליכער פראגע האָב איך זיך גאָר ניט גערעכנט. ער פארלאנגט פון מיר א לאָגישן ענטפער, און אזוי גיך. גלייך ווי דער אמת וואָלט געווען א קרעדיטנע בילעט, וועלכער ליגט אין טאַש און מע קאָן אים גלייך ארויסנעמען און איבערגעבן, ווען מע דארף... אָבער איך פארשטיי, אז ער האָט א נעץ פארשפּרייט

פאר מיר, כדי צו באקומען געלט, וואָלט איך דען אים ניט אָפּגעגעבן מיין געלט מיטן גוטן ווילן? ווי קאָן איך אים געבן א לאָגישן ענטפער? פאר מיר איז לאָגיש דער ענטפער אויף צו באַשטעטיגן מיין גלויבן. קאָן איך דען אזא ענטפער געבן? מיט דעם ענטפער, וועל איך דאָך פארשוועכן דעם איסלאַם, און ווערן א חייב מיתה׳ניק... זאָל איך ווידער מיט א פאַלשער לאָגיק, וועלכע ער וועט געוויס אנדערקענען, באַשטעטיגן דעם איסלאַם, וועט ער מיך גלייך צווינגען אָנצונעמען דעם מוסולמענישן גלויבן. — (ווערט פארטיפט אין געדאנקען.) — יאָ! א גוטער געדאנק איז מיר איינגעפאלן, און איך האָף, אז מיט גאָטס הילף וועל איך אים צופרידן שטעלן, און זיך באפרייען פון דער נעץ, וועלכע ער האָט פארשפּרייט מיך צו פאַנגען... יאָ, שיינע געשיכטעס האָבן, ניט נאָר קינדער, נאָר אויך דערוואקסענע, ליב צו הערן. איך וועל אים א געשיכטע דערציילן...

נאַטאַן — סאַלאַדין.

**סאַלאַדין** — (אריינקומענדיג.) — האָסטו שוין, נאַטאַן, צוגערייט א ענטפער אויף מיין פראַגע, איך מערק א פריילעכקייט אויף דיין פנים. נו, זאָג, נאַטאַן, פריי, קיינער הערט דאָ ניט.

**נאַטאַן** — הלואי וואָלט די גאַנצע וועלט געהערט...

**סאַלאַדין** — אזוי פארזיכערט ביזטו מיט דיין ענטפער. א, דאָס איז צו הערן פון א אמת׳ן חכם, וואָס מיטן אמת, האָט ער קיין מורא ניט פאר דער גאנצער וועלט. איצט נאַטאַן, וויל איך האָפן, אז נאָך דיין לאָגישן ענטפער, זאָל איך קאָנען ווערן א פאלקאָמענער וועלט רע־פאָרמער...

**נאַטאַן** — אך וואָס פאר א קלינגענדער נאָמען דאָס איז! נאָר איידער איך וועל דעם ענטפער געבן, זאָל מיר זיין מאַיעסטעט דערלויבן א געשיכטע צו דערציילן.

**סאַלאַדין** — שיינע געשיכטעס אינטערעסירן מיך תמיד.

**נאַטאַן** — מיט פיל יאָרן פריער, האָט אין טיף אזיען געלעבט א מאַן וואָס האָט געהאַט אין זיין באזיץ א טייערן בריליאַנטענעם רינג,

# ט י פ ן   א ו ן   ג ע ש ט א ל ט ן

וועלכן ער האָט באַקומען צום אנדענק פון זיינער אן אלטער ליבע;
דער רינג האָט אין זיך געהאט א מיסטעריעזע פארבאָרגענע קראפט,
אז ווער עס האָט אים געטראָגן אויף דער האנט, האָט געפונען חן
און ליבשאפט אין יעדענס אויגן. זעלבסטפארשטענדליך, אז דער מאַן
האָט דעם רינג פון זיין האנט קיינמאָל ניט אראָפּגענעמען, און אים
געטראָגן ביז ער האָט געדארפט פון דער וועלט גיין, און דעמעלט
האָט ער אים איבערגעגעבן דעם ליבסטן זון פון אלע זיינע קינדער.
און אים א צוואה געלאָזט, אז אויך ער זאָל עס פאר זיין טויט אי־
בערגעבן צו זיין ליבסטעם קינד. אזוי אַרום, און נאָך דער צוואה נאָך,
איז דער רינג איבערגעגאנגען פונם פאָטער צום געליבסטן קינד פי־
לע, פילע דורות. דאָס געליבטע קינד האָט גראדע ניט געדארפט זיין
דער בכור פון די קינדער. ווייל די ליבע וויל ניט וויסן פון א בכור
ביז ניט קיין בכור... און דער וואָס האָט באַקומען דעם רינג, האָט
אויך געהאט דאָס רעכט צו זיין דער הערשער איבער דער פאמיליע.
דער רינג איז אזוי איבערגעגעבן געוואָרן בירושה ביז אין א צייט,
ווען ער איז אָנגעקומען צו איינעם, וואָס האָט געהאט דריי זין, או
אלע זענען ביי אים ליב און טייער געווען, און די ליבע איז אין א
גלייכער מאָס פאר אלע געווען. און דאָס גאנצע לעבן פונם פאָטער,
האָט ער געטראכט וועמען פון די דריי זין זאָל ער דעם טייערן רינג
איבערלאָזן בירושה, דארט ווי זיין ליבע איז צו אלע גלייך... און
אלע האָבן די ווערט דעם רינג צו באַקומען. געטראכט, און גע־
טראכט, און געקומען צו אזא באשלוס: ער האָט באשטעלט ביי א
קינסטלער א יובעליר נאָך צוויי רינגען, וועלכע זאָלן זיך בשום
אופן ניט לאָזן דערקענען אלס נאָכגעמאכטע דעם ערשטן רינג. און
די קונסט אַרבעט איז אויף אזוי פיל דעם קינסטלער געראטן, אז
ער אליין האָט ניט דערקענט דעם ריכטיגן רינג, און בשום אופן ניט
געקענט אונטערשידן איינעם פונם צווייטן... פארן טויט, האָט ער
געלאָזט רופן צו זיך יעדן זון באזונדער, און יעדן האָט ער אין גע־
היים איבערגעגעבן א רינג. אויף דער ארט, האָט יעדער זון געגלויבט,
אז נאָר אים האָט ער ליבער פון די אנדערע ברידער, און דעריבער
האָט ער אים דעם טייערן רינג איבערגעגעבן... (נאטאן איז שטיל
געבליבן.)

**סאלאדין** — נו, און דער סוף פון דער געשיכטע?

**נאטאן** — דעם סוף קאָן דאָך זיין מאַיעסטאַט אַליין פארשטיין, אז גלייך נאָך די טרויער טעג, האָט יעדער זון מיטן זכות פון דעם באַ־קומענדן רינג געוואָלט פּרעטענדירן צו ווערן דער הערשער אין דער פאמיליע. און עס האָט זיך אויפגעהויבן א לאַרעם... יעדער איינער האָט געקוקט מיט חשד אויפן צווייטן, חושד זיין אים אין פאלסיפיקאַציע. אין דער ווירקליכקייט אָבער, איז דער חשד פון יעדן איינעם גע־ווען א אומבאַרעכטיגטער. ווייל קיין איינציגער קינסטלער האָט ניט געקענט אונטערשיידן איין רינג פונם צווייטן... — (פּאוזע.) — אָט אזוי ווי מיר ווייסן ניט צו אונטערשיידן פון איין גלויבן ביז צום צווייטן...

**סאלאדין** — און דערמיט ווילסטו גיבן א ענטפער אויף מיין פראגע?

**נאטאן** — מיין כונה איז נאָר צו ווייזן זיין מאַיעסטעט, אז אין דעם וואָס די דריי ברידער קאָנען ניט דערקלערן דעם אונטערשיד פון איין רינג ביז דעם צווייטן, זענען זיי ניט שולדיג... ווייל דער פאָ־טער אַליין האָט אַזוי געוואָלט, אז ס'זאָל קיין אונטערשייד צווישן זיי ניט זיין...

**סאלאדין** — פארגלייכסטו די גלויבנס צו רינגען? דאָס הייסט, א געט־ליכע אידעע, צו מאַטעריאַליזם?

**נאטאן** — מאַיעסטעט! איך פארגלייך עס נאָר אין דעם געדאַנק וואָס דער פאָטער האָט באהאַלטן אין די רינגען. איז דאָך דער געדאַנק אויך א אידעע. איך וויל זאָלסט מיך בעסער פארשטיין, מאַיעסטעט, אינם גרונט, אינם מקור גייען אַלע גלויבנס פון א גאַנץ אַלטן קוואַל. מיר ווייסן דאָך ניט מער, נאָר דאָס וואָס די אַלטע היסטאָריע שרייבט, אָדער, וואָס אונזערע אור־אור־עלטערן האָבן אונז איבער־געגעבן בקבלה פון פאָטער צו זון... מיר גלויבן דאָך דער היסטאָריע, אז זי האָט אודאי ניט געזוכט אָפּצונאַרן אונז... איבערהויפּט אונ־זערע עלטערן גלויבן מיר אודאי אויף זייער וואָרט, ווייל ווער קאָן מען נאָך מער גלויבן ווי עלטערן, וואָס האָבן זייער לעבן גע־אָפּפערט פאר זייערע קינדער? זיי — די עלטערן — האָבן אונז גע־ווים ניט געוואָלט פארפירן אין שקר, און שווינדל. פאָלגליך, גלויבט

יעדער, ניט צווייפלנדיג אין אלעם וואס זיינע טרייע ארענטליכע עלטערן האבן אים בירושה איבערגעגעבן פון דור צו דור,און, זעלבסט־פארשטענדליך, אז קיינער האט ניט דאס רעכט צו פאדערן פונם צווייטן, ער זאל זיך אפזאגן פון זיינע עלטערנס טראדיציעס, ניט האבן דעם צוטרויען צו זייערע רייד, און בעסער גלויבן זיינע עלטערן... דאס טאר דעם איד ניט פאדערן פונם מוסולמאן, ניט דער מוסולמאן פונם קריסט, און ניט דיביידע פונם איד. און ווען איינער וואגט זיך אזעלכעס צו פאדערן, איז עס ניט נאר א וואנזין, נאר אויך א חוצפה, און א פארברעכן געגן גאט, און געגן דער מענטשליכקייט... ווייל ווי קאן מען גאר דענקען אפילו, אז זיין מאיעסטעט זאל, חלילה, פלוצים אויפהערן צו גלויבן זיינע טרייע, עדלע און ארענטליכע עלטערן, וואס האבן געשטרעבט איינצופלאנצען אין זייער קינדס הארץ אמת, יושר, פרידן און גליק, און אננעמען די טראדיציעס פון פרעמדע עלטערן?... און דאס זעלבע איך, פארקערט, אנדערע זאלן פארווארפן זייערע עלטערנס טראדיציעס, און אננעמען אנדערע...

**סאלאדין** — (צו זיך.) — ביי גאט! דער מענטש רעדט די ריינע ווארהייט... איך קאן אים ניט אפפרעגן...

**נאטאן** — איצט דערלויב מיר, מאיעסטעט, פארצוזעצן די רינגען־פראגע.

**סאלאדין** — מיט פארגעניגן — נאטאן — עס וועט פאר מיר זייער אינטערעסאנט זיין.

**נאטאן** — די ברידער האבן זיך אזוי לאנג געאמפערט, און געקריגט וועגן דער עכטקייט פון זייערע רינגען, ביז זיי האבן איינגעשטימט פארצוקומען פארן געריכט. און, נאכדעם ווי דער ריכטער האט פארלאנגט זיי זאלן שווערן צו זאגן דעם אמת, האט יעדער איינציגער אפגעגעבן א שבועה אויף דריי זאכן. ערשטנס: אז זיין רינג האט ער בירושה פון זיין פאטערס אייגענע האנט; צווייטנס: אז דורכן זכות פונם רינג האט דער פאטער אין זיין צוואה געגעבן דאס רעכט דעם אינהאבער פונם רינג, צו זיין דער הערשער אין דער פאמיליע; דריטנס: אז דער פאטער איז געווען ביז גאר א פרומער און ארענט־

ליבער מאן, און מע קען אים בשום אופן ניט חושד זיין אין וועלן אפנארן וועמען ס'ניט איז פון זיינע קינדער; און ווירקליך, האט דאך יעדער זון געשוואוירן אויף אמת... און דאך האט יעדער איינער אנגעקלאגט די צוויי ברידער זיינע אין פאלשקייט,און בעטרוג... און פארלאנגט, דאס געריכט זאל, נאכדעם ווי עס וועט אנדערקענען דאס פאלשקייט, באשטראפן דעם שווינדלער, נאך זיינע פארדינסטן... אי־בערהויפט פארן פארשוועכן דעם פאטערס כבוד...

**סאלאדין** — גאנץ אינטערעסאנט צו וויסן וואס דער ריכטער האט גע'פסק'עט.

**נאטאן** — דער ריכטער, האט — נאכדעם ווי ער האט אלע דריי אויס־געהערט — צו זיי געזאגט: אזוי לאנג איר וועט אייער פאטער אליין צום געריכט ניט איינלאדן, קאן איך קיין אורטייל ניט ארויסגעבן... אויף רעטענישן צד טרעפן, איז דאס געריכט ניט געשטעלט, און די רינגען אליין וועלן אודאי דעם אמת ניט דערציילן...

**סאלאדין** — (שטויענד.) — אבער צום אלעם ענדע?

**נאטאן** — צום אלעם ענדע, האט דער ריכטער די ווערטער ארויסגע־זאגט: איר אלע דריי זענט דאך מודה, אז נאר איין איינציגער רינג האט די פארבארגענע קראפט צו שאפן סימפאטיע, ליבע, און רעכט אויף צו הערשן צו דעם וואס טראגט אים. אלזא פרואווט אוים צווי־שן זיך אליין. באמערקט נאר גוט, וועמען פון אייך דריי האבן לי־בער די אנדערע צוויי?... און וועלכער האט מער סימפאטיע אין די אויגן פון די צוויי? זאגט, וואס שווייגט איר? איר ווייסט אליין ניט... נו, געוויס זענט איר ניט אומשטאנד צו וויסן... די קראפט פון דעם אמת'ן רינג אפילו, איז נאר אין זיך, א אינערליכע, אויסער זיך, ניט צו באמערקן... אויסערליך, האט יעדער פון אייך דריי נאר זיך אליין ליב... אה! איר דריי נאראנים! וואס ווילט איר פארשטיין פון דריי שטומע רינגען? דעם אמת'ן רינג האלט דער פאטער נאר ביי זיך... און אייך צו פארבינדן, איר זאלט גלויבן ווי מענטשן דארפן גלויבן, אן שנאה, אן קנאה, האט דער פאטער די דריי רינגען אליין געמאכט, און זיי אייך איבערגעגעבן צו פארשטיין די ווערט זייערע... און אזוי, האט דער ריכטער פארגעזעצט, אויב איר ווילט נאר א אמת'ן

פסק־דין, מעגט איר אייך גיין געזונטערהייד, נאָר קוים פארלאנגט איר א גוטע עצה, וועל איך זי אייך גיבן: בלייבט אייך יעדער ביי זיין מיינונג, אז ער האָט דעם אמת'ן רינג פונם פאָטער באקומען, ווייל קוים האָט ער עס באקומען פונם פאָטער, וואָס פאר א רינג עס זאָל ניט זיין, איז דאָס שוין געווים אמת. ווייל דער פאָטער — ווי געזאָגט — האָט ניט געוואָלט באטריגן קיינעם פון אייך. זיין געדאנק איז נאָר דאָס געווען: אז יעדער פון זיינע ליבע קינדער זאָלן שטרעבן מיט זיך אליין ארויסצוברענגען די ליבע און סימפאטיע פון זיין רינג. און יעדער זאָל דורך צדקה און מעשים טובים וועלן אויספאָלגן, און דערפילן דעם פאָטערס וואונש; דער ליבסטער, דער פיינסטער און דער אָרענטליכסטער צו זיין פאר גאָט און פאר לייט... אז איר וועט אליין צו דעם אלעם שטרעבן און וועט עס אלס ירושה איינפלאנצן אין די הערצער פון אייערע קינדער, און קינדס קינדער אויף דור דורות, וועט זיך במילא די פארבאָרגענע קראפט פונם רינג אלע מאָל מער און מער ארויסווייזן... און אין טויזנטער יאָרן ארום, ווען אלע וועלן פאר דעם געריכט קומען, און וועלן פאָדערן א אמת'ן פסק־דין, דעמעלט וועט געווים א סך א גרעסערער חכם פון מיר זיצן אלס ריכטער... און ער וועט אייך געווים אויסגלייכן און שאפן א אייביגן שלום צווישן אייך...

**סאלאדין** — (ענטוזיאזמירט.) — אָ! מיין גאָט!

**נאטאן** — אויב זיין מאיעסטעט פארשטייט אפשר, אז ער קאָן זיין דער געוואונשענער ריכטער?

**סאלאדין** — (אים נעמען ביי דער האנט.) — איך? א נאטאן! די טויזענטער יאָרן האָבן זיך נאָך ניט געענדיקט, און ניט מיין טראָן איז שוין דער אמת'ער געריכטס־טראָן...

**נאטאן** — מער האָט איר מיר גאָרניט וואָס צו זאָגן — מאיעסטעט.

**סאלאדין** — מער ניט, גיי אין גאָטס נאָמען ליבער נאטאן און פארבלייב מיין אייביקער פריינט.

**נאטאן** — קענט איר מיר דערלויבן אייך — מאיעסטעט — עפּעס צו בעטן?

**סאלאדין** — מיטן גרעסטן כבוד, טייערער נאטאן.

**נאטאן** — נאָכדעם ווי איך האָב אַלע מיינע קרעדיטן איינקאַסירט, און די פּאָליטישע לאַגע איז איצט זער א אומרואיקע, ווייל איך אייער מאַיעסטעט בעטן, איר זאָלט ביי מיר מיינע געלדער נעמען אין אייער רעגירונגס קאַסע, כדי איך זאָל זיין גאַראַנטירט מיט מיין פאַרמעגן.

**סאַלאַדין** — איך געפון פאר מיין חוב צו דערקלערן דיר נאַטאן, אז איך האָב אין זינען געהאַט צו בעטן ביי דיר א הלואה, ווייל אָנהאַלטן דעם פרידן מיט די קריסטן ביז מיין פאַרמעגן וועט אָנקומען פון עגיפּטן, איז אין דער אונמעגליכקייט.

**נאַטאַן** — אויף דעם אופן, דאַרפן מיר אָנקומען איינער צום צווייטן.

**סאַלאַדין** — און ביידע וועלן מיר גלייך געהאָלפן ווערן. איך דריק דיר אוים מיין גרעסטן דאַנק, ליבער נאַטאן, פאַר דער געפעליגקייט. מיט דעם וועסטו רעטן מיין כבוד, מיין לאַנד און מיין פאָלק. באַלד דערקלער איך, צוזאַמען מיט מיין פאָטער, עפנטליך דעם קריג, און גאָט וועט אונז געווים העלפן, ווייל נישט איך און נישט מיין פאָטער זענען די אורזאַכע דערפון. מיר האָבן נישט געזוכט אָנצוגרייפן די קריסטן, וועלכע ווילן אנפירן די מלחמה כלומרשט אינם נאָמען פון גאָט און זייער גלויבן; זיי זענען נאָך נישט געקומען צו דער מדרגה, צו פאַרשטיין דעם געדאַנק פון די דריי רינגען...

**נאַטאַן** — פאַרצייעט מאַיעסטעט, וואָס א טייל פון דעם געלט מוז איך אָפּצאָלן א חוב דעם יונגען טעמפּלער, וועלכן איר האָט דאָס לעבן געשענקט..

**סאַלאַדין** — אַ דאַנק וואָס דו האָסט מיך דערמאַנט אין אים. דו קאָנסט אים דען? ווי איז ער אצינד? און ווי קומסטו צו אים, אים שולדיק זיין?

**נאַטאַן** — קיין געלט האָב איך ביי אים נישט גענעמען, נאָר פיל טייערערס פון געלט האָט ער מיר געגעבן. און דוקא אומבאַקאַנטערווייזע, און אונטער מיינע אויגן.

**סאַלאַדין** — וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן?

**נאַטאַן** — אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנהייט, האָט א פייער אויסגעבראָכן אין מיין הויז, און מיינע ליבע טאָכטער איז געווען אין

א געפאר פארברענט צו ווערן, און אַט דער יונגער טעמפּלער האָט זיך מיט מסירת נפש אין פייער אריינגעוואָרפן און זי געראטעוועט.

**סאלאדין** — האָב איך א פּנים אין אים קיין טעות ניט געהאט, ניט נאָר מיט זיין אויסזעען, איז ער ענליך צו מיין ברודער, נאָר אויך מיט זיין גוט הארץ. א, נאטאן! ווען אַלע קריסטן זאָלן אין אזא טעמפּלער געראָטן זיין, וויפל טייכן מענטשן בלוט וואָלטן אויסגע־מיטן געוואָרן...

**נאטאן** — דאָס איז דאָך אָבער אוממעגליך, אזוי ווי ניט אַלע מוסול־מענער קאָנען זיין סאלאדינס...

**סאלאדין** — און ניט אַלע אידן — נאטאנס...

**נאטאן** — אין דער הינזיכט פון מענטשן־בלוט־פארגיסונג, זענען זיי אַלע נאטאנס... גלויב מיר — מאיעסטעט — אפילו אין דעם אידנס העכסטער נקמה, פאר זיין אומשולדיק פארגאָסן בלוט, וויל ער אויך ניט מיט בלוט־פארגיסונג באַצאָלן...

**סאלאדין** — יאָ, ריכטיק. איך גלויב אָבער, אז דו וועסט מיר אויך מודה זיין, אז זיין גיריגקייט נאָך געלט, שטייגט איבער מיט הונדערט פּראָצענט דאָס גיריגקייט פון אנדערע מענטשן פון אנדערע נאַ־ציאָנען...

**נאטאן** — איך בין מודה, מאיעסטעט, אז ס'איז אזוי. נעם זשע אָבער אין אכט, מאיעסטעט, אַז די ליבע און דאָס גיריגקייט פונם אידן צו געלט איז אין עצם ניט סתם א פאנאטישע געלטזוכטיקע ליבע, נאָר א מיטל אויף צו פארזיכערן זיין עקזיסטענץ. די טויזענט יאָ־ריגע מאטעריאַלאָגיע האָט אים געבראכט דערצו. דער איד, דער גע־יאָגטער פון איין לאַנד צום צווייטן, איז דאָס געלט אַ מיטל אויף ניט צו דערלאָזן אים אונטערגיין. זאָל דער איד נאָר האָבן פאלקא־מענע פרייהייט, וועט דער געלטזוכט פארשוואונדן.

**סאלאדין** — און די פרייהייט דענקען מיר צו געבן ווען מיר וועלן מיט גאָטס הילף באַזיגן דעם שונא, וועלן מיר גלייכע רעכטע פאר אַלע בירגער, אָן אונטערשיד פון ראסע און גלויבן, געבן. זאָג נאָר דיינע אידן אין ירושלים, זיי זאָלן גאָט בעטן פארן נצחון. ווייל אונזער נצחון, וועט זיין זייער ישועה...

**נאטאן** — מאָרגן איז גראַדע ביי אונז תשעה באב, א טאָג וואָס אַלע אידן קומען צום כותל מערבי, אויסצוגיסן זייערע הערצער פאַר גאָט. און אַלע וועלן מיר אויך בעטן אז זיין מאַיעסטעט זאָל אָפּהאַלטן אַ זיג איבער דעם שונא.

**סאלאַדין** — אַ דאַנק פאַר אַ צווייטע הילף, ווייל אויך תפלה, מוטיקט און שטאַרקט. מאָרגן, דערקלערן מיר קריג, און דו, נאטאן, גיי און ברענג מיר דעם טעמפּלער.

### ז י ב ע ט ע ס   ב י ל ד

(ווי אין צווייטן בילד, פון ווייטן דער פּאַסאַד פונם מאָנאַסטיר.)
(טעמפּלער שפּאַצירט, אַ פאַרטיפטער אין געדאַנקען.)

**טעמפּלער** — אַליין.) — ווי דאָס פליגעלע פליט גלייך צום ליכט־פלאַם, ניט פאַרשטייענדיג דאָס געפאַר וואָס שטייט עס פאַר אויף פאַרברענט צו ווערן, אַזוי בין איך פלוצים אינם פלאַם פון דער ליבע אריין. אומזיסט איז געווען מיין אנטלויפן, מיין אויסבאַהאַלטן זיך. די פייל פון דער ליבע האָט מיך געטראָפן, און מיין האַרץ פאַרוואונדעט... מיטן ערשטן בליק אויף איר, האָט די פייל געטראָפן... לעבן אָן איר, איז מיין טויט... אָבער — פאַר וואָס בין איך אַזוי פאַרצווייפעלט? דער גאָט פון דער ליבע האָט מיר זיין שפּיל־קינד געשיקט, וואָס זשע קימערט מיך ווער דאָס קינד איז? מיין האַרץ איז שוין לאַנג פריי פון פאַנאַטיזם און אבערגלויבן... דער געשענקטער קאָפּ פון סאַלאַדינען, וויל ניט וויסן פון דעם אַלעם וואָס דער פריערדיקער קאָפּ האָט געדענקט און געטראַכט; דער נייער קאָפּ האָט איצט נייע אידייען, אידייען מענטשליכע, אידייען פרייע. אויך מיין גאָטזעליגער פאָטער, וועלכער איז געפאַלן אין שלאַכט, ווי מע האָט מיר אַלס קינד איבערגעגעבן, האָט אויך פרייע, הומאַנישע אידייען געהאַט, און די אידייען־ירושה, וועלכע מע האָט געזוכט פון מיר אוועקרויבן און אַ לאַנגע צייט האָט מען מיך פון איר דערווייטערט, האָט מיך איצט דערנייענטערט צו איר. און דער אנדיינק פון מיין

גאָטזעליגן פאָטער, איז דאָך מיר אזוי טייער, אויסער דעם אנדיינק, האָב איך דאָך קיינעם ניט... אָבער וואָס רעד איך? איך האָב דאָך באַקומען א טייערן פריינט, א טרייען ראטגעבער אינם לעבן, אָט דער אין וועמעס הויז די פייל האָט מיך געטראָפן... און ער, נאָר ער, קאָן היילן די וואונד. אָט גייט ער טאקע אהער.

טעמפלער — נאטן.

**טעמפלער** — קומסט ערשט פון סאלאדינען?

**נאטאן** — יאָ, מאָרגן גיט ער ארויס א קריגס־דערקלערונג.

**טעמפלער** — דער אייפער פארן גלויבן אינטערעסירט מיך איצט גאנץ ווייניג.

**נאטאן** — ער פארלאנגט דו זאָלסט פון מיר געבראכט ווערן צו אים.

**טעמפלער** — אויך דאָס איז א קלייגער אינטערעס פאר מיר.

**נאטאן** — וואָס דען קאָן דיך אינטערעסירן? עפעס ביזטו איצט זער צעשטרייט... קום פריינט מיט מיר אין מיין הויז, וועלן מיר זיך אביסל אונטערהאלטן.

**טעמפלער** — אין דיין הויז קאָן איך שוין מער ניט זיין ביז...

**נאטאן** — ביזטו שוין, הייסט עס, אין מיין הויז געוועזן? נו, זאָג ווי געפעלט דיר מיין טאָכטער, וועלכע דו האָסט געראטעוועט — רחל?

**טעמפלער** — דעם קנויט פרעגסטו מבינות אויפן פלאם? א, נאטאן, די נאטור האָט א קונסט בילד געשאפן אינם געשטאלט פון דיין טאָכטער, און דאָך, זען זי נאָך אמאָל קאָן איך ניט, ביז דו וועסט מיר שווערן אז איך וועל זי אייביק קאָנען זען...

**נאטאן** — וואָס זאָל איך אין דיינע ווערטער פארשטיין?

**טעמפלער** — (פארצווייפעלט, שמערצליך, ארויספאלענדיק אים אויפן האלז.) — אָ, פאָטער!

**נאטאן** — א יונגער מענטש!

**טעמפלער** — (הארציק.) — יונגער מענטש, ניט זון ווילסטו מיך רופן?

**נאטאן** — א, טייערער יונגער מאן!

**טעמפּלער** — אַליץ ניט זון? ווילסטו ניט וויסן, אַז דיין טאָכטערס דאַנק צו מיר, האָט זיך פארוואנדעלט אין א הייסער ליבע, און מיט פלאטערענדע הערצער דערווארטן מיר דיין ברכה? דו שווייגסט נאטאן?

**נאטאן** — אנטשולדיג מיר... איך מוז שווייגן, ביז איך וועל זיך ניט דערוויסן אויף געוויס, וועלכער שטעפאן איז דיין פאָטער געווען. איך האָב אמאָל געהאַט אַ פריינט, איינעם אַ שטעפאן, וואָס האָט זיך גערופן מיטן נאָמען קאָנראד.

**טעמפּלער** — איך גלויב, אַז דערזעלבער איז מיין פאָטער געווען, א באוויז, מיין אָפּגעקירצטער נאָמען פון קאָנראד, אויף קארד...

**נאטאן** — קום זשע דערווייל צו מיר אין מיין הויז.

**טעמפּלער** — אין דיין הויז? א ניין! קוים זע איך זי נאָך אמאָל, מוז איך זי שוין אין מיין גאנץ לעבן זען...

**נאטאן** — אָבער מאָרגן גייען מיר צו סאלאדינען?

**טעמפּלער** — יאָ.

**נאטאן** — אלזאָ, ביז מאָרגן, ברודער... זאָרג ניט, אלעס איז ביז א געוויסער צייט... — (גייט אוועק.)

**טעמפּלער** — געגלויבט האָב איך, אז ער וועט מיין וואונד היילן, לייּ־דער אָט ער זי נאָר באטראכט און ניט געהיילט... א איך אומגליק־ליכער! א קאלטקייט האָב איך באמערקט אין זיין געזיכט, קאלט גאנץ קאלט זעט עס אויס. איך האָב פונם גן־עדן נאָך גאָרניט פאר־זוכט און צו פארזוכן עס טרייבט מען מיך פונם גן־עדן ארויס...

טעמפּלער — דאיא.

**טעמפּלער** — (דערזעען זי.) — אך דאיא, וואָס פאר א נייעס ברייני־גסטו מיר?

**דאיא** — קום מיט מיר דאָרט אונטערן בוים וועלן מיר רעדן אונגע־שטערט.

**טעמפּלער** — האָסטו מיר דען, א וועלכע ס׳ניט איז געהיימניס אי־בערצוגעבן?

**דאיא** — יאָ, גאָר א וויכטיקע. נאָר צום אַלעם ערשטן זאָג מיר אויפ־ריכטיג, ביזטו פאַרליבט אין רחל׳ן?

**טעמפּלער** — ביז משוגע צו ווערן... דיך וואונדערט געוויס א טעמפּ־לער אין א אידיש מיידל?...

**דאיא** — און דו וואָלסט וועלן זי נעמען פאר א פרוי?

**טעמפּלער** — כא, כא, כא, אויב איך וואָלט געוואָלט, ס׳איז געווענט אין מיין וועלן?

**דאיא** — נאָר אין דיין וועלן... איין וואָרט וועל איך נאָר ארויסזאָגן, איז זי שוין דיינע. וואָס זאָגט נאטאן?

**טעמפּלער** — זיין זאָגן איז א גאנץ קאַלטער.

**דאיא** — ס׳שטייט אים אפשר ניט אָן אַז א טעמפּלער זאָל זיין טאָכ־טערס מאן זיין? א, ווייטער קאָן איך שוין דאָס געהיימניס ניט פאר־באָרגן. זייַן וויסן, הייליגער הער, אַז רחל איז א געבוירענע קריס־טין, און נאטאן איז ניט איר פאָטער.

**טעמפּלער** — (דערשטוינט.) — רחל א קריסטין? אך וואָס הערן מיי־נע אויערן? איז דאָס ריכטיג דאיא?...

**דאיא** — איך וועל אייך ניט אָפּנארן ליבער הער, און איר קאָנט זיך אין דעם אַליין איבערצייגן...

**טעמפּלער** — רחל א קריסטין! נו, און זי ווייסט עס ניט?

**דאיא** — ביז היינט צו טאָג ווייסט זי עס ניט.

**טעמפּלער** — א, דו קלוגער, און אָרענטליכער, ווי איך האָב געגלויבט, נאטאן... דו האָסט פאַרפירט א אונשולדיגעס קינד, אין אזא וועג, אויף וועלכן זי וואָלט געוויס אין אים ניט געגאנגען... אָבער דאיא, לאָז מיך איצט אַליין. מיינע געדאַנקען האָסטו פאַרוווירט; איך מוז זיי קאָנצענטרירן און באַקלערן די אויסערגעוויינליכע געשעע־ניש פאר מיר. א, איך מוז גיין זיך באראטן מיטן פּאטריארך. דאָ האַנדעלט זיך וועגן א פאַרברעכן קעגן דער קריסטליכער רעליגיע, און ווען אויך איך בין שוין פריי געזאגנען, און האָב ניט קיין פאר־אורטייל קעגן אזא פאַרברעכן, קאָן איך דאָך גלייכגילטיק ניט בלייבן און עס פאַרשווייגן, דאָרט ווי מיין שווייגן וועט גילטן אלס א פּאַ־

ראַט, און איך אַלס א פּעררעטער... א, נאַטאַן, נאַטאַן, איך זאָל מיך אין דיר אזוי האָבן גענאַרט? נאַטאַן א פאַרמאַסקירטער? נאַטאַן א פאַרברעכער? מיינע פיילן וועלן דיך אָבער טרעפן, און דיין האַרץ פאַרוואונדן, אזוי ווי דו האָסט מיין האַרץ פאַרוואונדעט...

פאָרהאַנג פאַלט

# פירטער אַקט

## נײַנטעס בילד

(אין פּאַלמען שפּאַציער נעבן מאָנאַסטיר.)

טעמפּלער — פּאַטריאַרך.

**פּאַטריאַרך** — (באַווייזט זיך ביי די פּאַלמען, דערזעט דעם טעמפּ־לער שפּאַצירנדיק.) — עס פרייט מיך זער אייך צו זען, הער טעמ־פּלער, אזוי יונג, אזוי העלדיש און פּראַכטפול, און איך פאַרהאָף צום הייליקן דערלעזער אין הימעל, אז איר וועט ווערן אַ וועלט באַרימ־טער גאָטס־פאַרכטיקער העלד.

**טעמפּלער** — ניין, מיין הייליקער פאָטער, מער ווי איך בין, וועל איך שוין ניט ווערן.

**פּאַטריאַרך** — וועגן דעם, וועל איך בעטן דעם דערלעזער אין הימעל, אז אזא ערליכער טעמפּלער, זאָל פון צייט צו צייט העכער און הע־כער שטייגן, אין העלדישקייט, אין פרומקייט לכבוד אונזער גלויבן, און גלויביגע. און מיין געבעט, וועט גאָט פאַרגעווים אננעמען, ווען איר וועט נאָר וועלן פאָלגן מיינע גוטע עצות. און איצט יונגער הער, זאָגט מיר מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?

**טעמפּלער** — מיט דעם וואָס דער יוגנט פעלט, מיט א גוטער עצה.

**פּאַטריאַרך** — אך, מיטן גאַנצן הארצן.

**טעמפּלער** — נאָר ניט מיט פאַרמאַכטע אויגן זאָל איך מוזן אייער עצה אויספאָלגן.

**פּאַטריאַרך** — באַהיט גאָט, דאָס פאַרלאַנג איך ניט פון אייך. דער שכל איז א מתנה פון גאָט און יעדער איינער דאַרף נאָר טון דאָס, וואָס דער שכל דיקטירט אים. אינדעסן איז דאָ א אויסנאַם, ס'איז

דאָ א צייט אין וועלכער מען דאַרף אין אכט ניט נעמען דאָס וואָס דער שכל דיקטירט. דאָרט ווי עס פאָדערט זיך צו פארטיידיגן דאָס גלויבן.

**טעמפּלער** — (שטיל.) — איך פארשטיי צו וועלכעס זיינע רעד ציילן...

(הויך.) — ניט איצט איז די צייט וועגן דעם צו רעדן... איצט פאַר־לאַנג איך נאָר פון אייך א עצה מיר צו געבן.

**פּאַטריאַרך** — דערקלערט זשע יונגער הער מיר די זאַך פאר וועלכער איר פארלאַנגט מיין עצה?

**טעמפּלער** — זאָלן מיר זיך פאָרשטעלן אזא פאַל: א איד האָט דער־צויגן א פריילין אויף דעם שענסטן און בעסטן אופן. ער האָט זי גע־בילדעט, איינגעפלאַנצט אין איר מאָראַלישע זיטן אויפן העכסטן גראַד און זי איז ביי אים פארא טאָכטער פאררעכנט געוואָרן, און אויך דאָס קינד האָט אים געהאַלטן פאר א פאָטער. און זייער ליבע איז אזוי גרויס איינער צום צווייטן, אז זיי קאָנען שוין איינער אָן דעם צווייטן ניט לעבן. און פּלוצים, דערוואוסט מען זיך, אז די פריילין איז גאָר ניט דעם אידנס טאָכטער. ווי אזוי זי איז געקומען צום אים איז ניט באוואוסט; צי זי איז א געקויפטע, א געשענקטע, אָדער א גע׳גנב׳עטע. מע ווייסט אָבער,אז זי איז א געבוירענע קריס־טין און ער האָט זי דערצויגן אויפן אידישן גלויבן, און ער האָט איר איינגערעדט, אז ער איז איר פאָטער, און זי זיין איינענע טאָכטער. איצט פרעג איך אייך, וואָס פאר א משפט וואָלט איר ארויסגעגעבן פאר דעם אידן?

**פּאַטריאַרך** — (א אויפגערעגטער.) — אויב דאָס איז אין דער ווירק־ליכקייט, אויב אזא אונגעהערטעס פארברעכן קאָן געשעען אין אונ־זערע צייטן, און מעגליך נאָך דאָ אין ירושלים, וואו דעם דערלעזערס קבר געפונט זיך, דאַרף מען דעם פארפלוכטן אידן פארמשפּטן צו דער שטראָף וואָס דאָס קריסטנטום האָט באַשטימט.

**טעמפּלער** — וואָס פאר א באַשטימונג?

**פּאַטריאַרך** — פארברענען אים לעבעדיקערהייד.

**טעמפּלער** — ווען מיר וועלן אָבער אין אכט נעמען, אז ווען דער איד וואָלט זיך ניט געוועז דערבאַרעמט איבער איר, וואָלט זי געווען אוים־

געשטעלט צו שטאַרבן פון הונגער און קעלט, קאָן עס ניט דינען פאַר א זכות קעגן אים?

**פּאַטריאַרך** — אַלץ פאַרברענען... ווייל ווער האָט אים געבעטן ער זאָל זיך איבער איר דערבאַרמען? גלייכער זי זאָל שטאַרבן, איידער אזא זינדיג לעבן...

**טעמפּלער** — ווען מיר ווייסן אָבער, צום ביישפּיל, אז דער איד האָט זי ניט געלערנט, ניט די אידישע און ניט די קריסטליכע, ער האָט איר נאָר דערקלערט, אז סאיז דאָ נאָר איין גאָט פאַר אַלע מענטשן קיין אונטערשיד פון איד ביז קריסט, ווייל ער איז דער באַשעפער פון אַלע ברואים, און א גלויבן באַשטייט נאָר פון מענטשליכע?

**פּאַטריאַרך** — קומט אים אודאי צו פאַרברענען, ווייל ער האָט זי דערצויגן אפּיקורסיש, אָן א שום גלויבן. מיט איינעם וואָרט דעם אידן טאָר די שטראָף פון פאַרברענען ניט אויסמיידן. וואָס אָנבאַלאַנגט דאָס מיידל...

**טעמפּלער** — דאָס איבעריגע ,הייליגער פאָטער, וועל איך שוין אויסהערן, ווען איך וועל זיך מתודה זיין פאַר אייך ביים פאַרפאַסטן... דערווייל גענוג פאַר מיר.

**פּאַטריאַרך** — (צאָרנדיג.) — נו, און איר זאָגט מיר גאָרניט דעם נאָמען פון דעם פאַרפלוכטן אידן? איר גיבט אים ניט איבער אין מיינע הענט? א, טעמפּלער! א שאנדע פאַר א טעמפּלער, וועלכער רעכנט זיך פאַר א הייליקן... אָבער, איך וועל זיך שוין דערוואוסן... ער וועט שוין אריינפאַלן אין מיינע הענט... איך גיי גלייך צו סאַלאַדינען, איך וועל אים דערקלערן, ווי ווייט שעדליך פאַר דער רעגירונג איז אזא פערזאָן; ער וועט מיר שוין זיין הילף לייסטן, אים צו געפונען און זיין פאַרדינטע שטראָף באַקומען, ווי דאָס קריסטנטום פאָדערט. ער האָט מיר וועגן אַזעלכע אפּיקורסים א שריפטליכע ציינעניש ארויסגעגעבן...

**טעמפּלער** — (איראָניש.) — עס וואָלט כדאי געווען צו ווענדן זיך צו סאַלאַדינען, וועגן דעם פאַרברעכן. צום באַדויערן אָבער, ווייס איך ניט, אויב ער וועט זיך איצט וועגן דעם אינטערעסירן, ווייל — ווי איך האָב מיך דערוואוסט — דערקלערט ער היינט א עפענטליכע

סר...

**פאטריארך** — נו, און איר רעדט אזוי קאַלט, און זענט אזוי גלייכגיל־טיק צו דער דערקלערונג. — (צוי זיך אליין.) — איך בין אזוי צו־טומעלט פון דער ידיעה, אז עס ליגט מיר שוין ניט אין זינען דאָס וואָס איך האָב מיט אים געוואָלט רעדן וועגן דעם איבערפאַל אויף סאלאדינען...

**טעמפלער** — אנטשולדיקט הייליקער פאָטער, אין אזא צייט טאָר מען ניט ווערן איבערראשט, נאָר מיט דעם גרעסטן ערנסט, און באַדאַכט דאַרף מען וועגן דעם רעדן. און איך וועל טאַקע, וועגן דעם ענין מלחמה מיט אייך רעדן. איצט אָבער מוז איך עס פארשיבן אויף א צווייטן טאָג, ווייל איך מוז גיין צו סאלאדינען, אויף זיין איינלאַדונג היינט צו קומען.

**פאטריארך** — (ווערט צעטראָגן.) — אזוי, איר גייט צו סאלאדינען? זייט זשע אזוי גנעדיג, יונגער הער, מיך צום גוטן דערמאַנען פאר אים.

**טעמפלער** — (שטילערהייד.) — ערשט געווען א גאַנצער קנאקער ביי סאלאדינען, און איצט ציטערט ער שוין פאר זיין נפש'ל... — הויך.) — געווים, געווים וועל איך אייך אין זינען האָבן...

**פאטריארך** — א דאַנק. זאָגט זשע מיר איך בעט אייך, איז די געשיכטע מיטן אידן נאָר אלס רעטעניש פאר מיר, פון אייך געשטעלט געוואָרן?

**טעמפלער** — איר האָט זיך ערשט בארעכנט? — (גייט אַוועק.)

**פאטריארך** — איך וועל שוין דאָס רעטעניש טרעפן. דעם פאטריארך וועט מען ניט נאַרן, אזא חכם ווי דער טעמפלער בין איך אויך... (דער מאָנאַך קומט אָן.) — אָט איז שוין מיין שוטה! ער וועט מיר שוין אַלעס פונקטליך אויספאָרשן. הערסטו שוטה! זאָלסט מיר גלייך זיך דערוויסן פון א אידן אין ירושלים, וואָס האָט אין געהיים דער־צויגן ביי זיך א קריסטליך מיידל, דו וועסט שוין גוט באַפרידיקט ווערן דערפאר.

**מאנאך** — פונם אידן?...

**פאטריארך** — גיי שוין, דו פרומער שוטה, און טו דאָס וואָס איך פארלאנג פון דיר. ?

## טיפן און געשטאלטן

**מאנאך** — איך גיי שוין אויספאָלגן דאָס שליחות. — (צו זיך.) — דעם פאטריארך א פנים האָט זיך פארשמעקט אידיש געבראָטן פלייש... א גוטן אַפּעטיט האָט ער, —אָט דער פרומער חכם... מיך רופט ער: פרומער שוטה... דער שוטה וועט אים אָבער ווייזן, אז ער איז קלו־גער פון אים... — (גייט אָפּ.)

**פאטריארך** — (צו זיך אליין.) — א שאד כ'לעבן וואָס היינט איז ביי די אידן תשעה באב, און ניט ערב פסח. דאָס מיידל וואָלט שוין דע־מעלט פארשוואונדן...

## צענטעס ביל ד

(ביי סאלאדין אין פּאלאַץ. קאמערדינערס טראָגן און לעגן צונויף זעקליך גאָלד, געבראכט פון נאטאנען.)

**קאמערדינער** — נאָך העכער העלפט איז ביים אידן אין דערהיים.

**סאלאדין** — טראָגט זשע דאָס איבעריגע צו סיטן. — (צו אלחאפין.) — נו, מיין פריינט, האָסט דאָך געזאָגט, אז נאטאן איז אָרימער גע־וואָרן?

**אלחאפי** — האָב איך א טעות געהאט, דערפאר בין איך אָבער א נביא געוועזן...

**סאלאדין** — (פארשטייט דעם וויץ.) — איי דו וויצלינג! ווייסט אל־חאפי: נעכטן האָב איך מיט דיין נאטאנען א אייביקע פריינשאפט געשלאָסן... יאָ, אלחאפי, נאטאן האָט די ווערט מען זאָל מיט אים פריינטשאפט שליסן. נאָר זאָג מיר אלחאפי, פאר וואָס יאָגט מען אזוי זיין פאָלק?

**אלחאפי** — ווער עס גייט פאָרווערטס, מוז מען דאָך אים נאָכיאָגן... אויך איך וועל זיך יאָגן.

**סאלאדין** — וואוהין?

**אלחאפי** — צוריק צו מיינע פרומע דערווישן, אין דער מדבר אריין. צווישן ציוויליזירטע מענטשן האָב איך קיין פלאַץ ניט...

**סיטא** — (קומט אריין, הערנדיג די לעצטע ווערטער.) — מן הסתם איז א דערוויש קיין מענטש ניט...

**אלחאפי** — פרינצעסין, איך בין דאָך אַ געוועזענער מאָנאַך, און די וועלט זאָגט דאָך, אז קיין ערגערס פון אַ מאָנאַך און אַ פרוי איז ניטאָ.
**סיטא** — אָבער צווישן די ביידע ווער איז בעסער?
**אלחאפי** — א מאָנאַך זאָל אַ מבין זיין אויף אַ פרוי וואָלט ער דאָך קיין מאָנאַך ניט געווען...
**סאלאדין** — אַלזאָ, מוזטו גיין אלחאפי? נעם זשע אמווועניגסטן אַ זעקל געלט אין וועג אריין.
**אלחאפי** — וועט איר זיך מיר דארפן צוגעבן אַ לאַקיי, ער זאָל עס מיר נאָכטראָגן ביז אין טויט אריין.
**סאלאדין** — נו גיי, הייליגער ווייצלער אין גאָטס נאָמען. — (אלחאפי טיף פארבויגנד גייט אָפּ.)
**סיטא** —(ווייזנד אַ בילד.) — זע ברודער, וואָס איך האָב אין מיין טואַלעט־צימער געפונען.
**סאלאדין** — (באטראכט עס.) — אַ גאָט! דאָס איז דאָך אונזער ברודערס, אונזער ליבן אסאד'ס בילד. אַ ליבער ברודער, פאר וואָס ביזטו אזוי יונג פון דער וועלט געגאנגען! גיב מיר, שוועסטער, דאָס בילד, וועל איך עס שטודירן, ווי וויט ס'איז ענליך צום טעמפלער.
**סיטא** — טאקע וועגן דעם האָב איך עס דיר געבראכט. שא, עמיצער גייט.
**קאמערדינער** — א יונגער טעמפלער.
**סאלאדין** — זאָל ער אריינקומען
**סיטא** — און איך וועל אייך ניט שטערן. — (זעצט זיך אין א ווינקעל מיט א אראָפּגעלאָזטן וואואל.)

סאלאדין — טעמפלער.

**סאלאדין** — (קוקענדיג אויף אים און אויפן בילד.) — ווי צוויי טראָפּן וואסער... קום נענטער צו מיר, יונגער הער.
**טעמפלער** — (צוגייענד.) — וואו איך שטיי, בין איך אייערער.
**סאלאדין** — ביי גאָט, זיין שטימע, א, ליבער יונגער מאן, דו ביזט א ריכטיגע קאָפּיע פון מיין ברודער אסאד — ניין, דו ביזט אסאד — זיי אזוי גענעדיג, און פארבלייב אייביג מיט מיר. — זיי דיר א קריסט, א מוסולמאן, א איד, מיר איז אלץ איינס, נאָר זיי מיט מיר.

**טעמפלער** — דער וואָס האָט מיר דאָס לעבן געשענקט קאָן מיך גע־
ווים נעמען... איך בין אייערער, מאיעסטעט, אויף אייביג.

**סאלאדין** — אָ, צוויי טייערע פריינט אין צוויי טעג באַקומען, — איז
נאַטאַן מיר דיר ניט געקומען?

**טעמפלער** — ניין.

**סאלאדין** — אַך! נאַטאַן, ווי גרויס, ווי דערהויבן ביזטו, אַז דו האָסט
דעם יונגנמאַן פאַר דיין פריינט געמאַכט...

**טעמפלער** — יאָ, נאָר אַלעס אין דער וועלט איז פאַרשידנפאַרביג,
און אַז מיר קוקן זיך גוט צו, דעמעלט דערזעען מיר ערשט די זאַך
ווי אַזוי זי איז...

**סאלאדין** — קוים קוקסטו אויף אַ זאַך פון דער שלעכטער זייט, האָב
איך אויך מורא פאַר דיר, ווייל איך בין דאָך מער ניט ווי נאָר אַ
מענטש.

**טעמפלער** — איך האָב קיינמאָל ניט געקוקט אויף אַ מענטשן פון
דער שלעכטער זייט, נאָר דאָ...

**סאלאדין** — „נאָר דאָ", ווייל עס אפשר זאָגן, אַז דו קלערסט עפּעס
שלעכטס אויך נאַטאַנען?

**טעמפלער** — איך אַליין בין דאָ שולדיג, ווען איך האָב מיר אַזוי
לייכט געקענט איינרעדן, אַז אַ איד קאָן דעם אידישן כאַראַקטער
איבערבייטן...

**סאלאדין** — וואָס זשע איז אַזעלכעס געשען?

**טעמפלער** — אַזוי לאַנג ווי נאַטאַן איז געווען אין וועג, האָב איך
מיך אַלץ אויסבאַהאַלטן פון זיין טאָכטער, און האָב אפילו איר דאַנק
ניט געוואָלט אויסהערן — זיין מאַיעסטעט איז דאָך שוין מסתמא
באַוואוסט, אַז איך האָב זי פונם פייער געראַטעוועט — נאָר קומענדיג
פון זיין רייזע, האָט ער מיך גלייך אויפגעזוכט, און מיט זיין גע־
שליפענעם צונג האָט ער מיך מיט אויזענטערליי פאַלשע האָפנונגען
פאַרנאַרט צו זיך אַהיים. און ווי איך האָב נאָר דאָס מיידל דער־
זעען... אַ! איך שיים זיך מאַיעסטעט, צו דערציילן ווייטער.

**סאלאדין** — וואָס זשע שיימסט דו זיך, וואָס אַ אידיש מיידל האָט דיך
אין איר ליבע נעץ פאַרשטריקט?

**טעמפלער** — א, ניין, מאיעסטעט, איך שיים זיך פאר מיין דומהייט אליין, אז איך בין פלוצלינג אין דער נעץ אריינגעפאלן.

**סאלאדין** — ער האט דיר דען אפגעזאגט? אדער ער וויל דו זאלסט א איד ווערן?

**טעמפלער** — אפגעזאגט אינגאנצן — ניט, נאר, ווען איך האב אים געבעטן ער זאל מיר זיין טאכטער אלס פרוי געבן, האט ער מיר געהייסן ווארטן... ווארטן, ווען מיין הארץ איז מיטן ליבע פלאם איינגעהילט... און אפשר טאקע וויל ער איך זאל א איד ווערן...

**סאלאדין** — איך קאן נאטאנען מער ווי דו.

**טעמפלער** — א, מאיעסטעט, אט ווי מיר קוקן שוין, דוכט זיך, איצט גאנץ פריי אויף א זאך, דאך האלט אונז נאך דאס אלטע פאנא־טיזם אין זיינע קייטן... און אינגאנצן זיך באפרייען איז אונמעגליך.

**סאלאדין** — נאר ניט נאטאן איז דער פערזאן...

**טעמפלער** — איך האב אויך אזוי געדענקט וועגן אים, און דאך האב איך מיך איבערצייגט אז אויך נאטאן איז א איד גלייך מיט אלע זיינע גלויבנס־גענאסן. אט די געניע, דער פאלקאמענער פרייער, ווי זיין מאיעסטעט גלויבט, דערציט ביי זיך אין הויז א קריסטליך קינד פאר א אידישעס, אט די טאכטער — ווי ער רופט זי — וועלכע איך האב געראטעוועט, איז ערשטנס ניט זיין טאכטער, און צווייטנס: גאר א געבוירענע קריסטין...

**סאלאדין** — נו, און ער וויל זי דאך דיר ניט געבן פאר א פרוי?

**טעמפלער** — דא רעדט זיך שוין ניט פון זיין ווילן, עס האנדלט זיך נאר, ווי מע קאן זיין גענארט אין א מענטשן; א מענטש וואס פרע־דיקט נאר וועגן רעליגיע און מענטשנליבע, זאל זיין נאר א פאר־מאסקירטער וואלף אין א שאפענער פעל... נאר איך וועל שוין אנ־רייצן די הינט אויף דעם וואלף; יא, א איד בלייבט א איד...

**סאלאדין** — נאר ניט אויפגערעגט זיך, — דו קריסט. אויב דו זאגסט מיר נאר דעם אמת, אין וועלכן דו ביזט איבערצייגט, קאנסטו זיך פארלאזן אויף מיר; אבער אזעלכע רעד וויל איך ניט הערן פון דיר. פוי, ניט דעם ענליכן אויף מיין טייערן ברודער, פאסט צו ווערן א מסור... און נאך פאר וועמען? פאר דיינע פאטריארכן, א, יונגער

מאן! זיי ניט קיין קריסט נאָר אויף צו פארפאָלגן דעם אידן און מוסולמאן.

**טעמפלער** — פארצייעט מיר מאַיעסטעט, אייער עצה האָט זיך שוין פארשפעטיגט, — פון כעס און שמערצן האָב איך עס שוין דעם פאטריארך...

**סאלאדין** — (אין כעס.) — אויסגעזאָגט! געמסרט!

**טעמפלער** — אויף אזוי פיל — מאַיעסטעט — בין איך ניט פאר־דאָרבן. ווייס איך דען ניט, זיין גיריגקייט נאָך בלוט? נאטאנס נאָ־מען האָב איך פאר אים ניט דערמאנט, איך האָב אים די זאך אָן א נאָמען אָלס א רעטעניש געשטעלט.

**סאלאדין** — אך דו, אונבארעכנטער און איבעראיילטער קריסט! נאָר גוט איז נאָך דאָס; לויף זשע שנעלער און ברייננ נאטאנען אהער, איידער דער פאטריארך וועט טרעפן דאָס רעטעניש. אויף אזעלכע טרעפענישן איז ער גאנץ פעאיק... נאטאן וועט שוין זיין שטראָף באקומען, פאר דערציען אַ קריסטליך קינד אין אידישן גלויבן. די שטראָף וועט אָבער ניט זיין בשום אופן די בארבארישע, ווי דיין פאטריארך וואָלט געוועון אויף אים אויסגעפירט. א מוסולמאן קאָן ניט זיין אזוי גרויזאַם ווי א קריסטליכער גאָטס מענטש...

(טעמפלער גייט אוועק.)

סאלאדין — סיטא.

**סאלאדין** — האָסטו שוועסטער זיך איינגעקוקט אין דעם טעמפלער? איז ער ניט ענליך צו אסאדן ווי צוויי טראָפּן וואסער?

**סיטא** — פאר וואָס האָסטו אים ניט געפרעגט וועגן זיינע עלטערן?

**סאלאדין** — ווירקליך א פיילער; אמווועניגסטן וואָלט איך אים גע־דארפט פרעגן וועגן דער אָפּשטאַמונג פון זיין מוטער, ווייל, ווי איך האָב געהערט, האָט זיך אונזער ברודער אסאד פארליבט אין א קריס־טין. אָבער די אַלטע דעראינערונגען וועגן אים פארשאפן מיר ניט ווייניג שמערצן. — וואָס זאָגסטו בעסער — סיטא, וועגן דעם מיידכן אין וועלכן דער טעמפלער האָט זיך פארליבט?

**סיטא** — דו זאָלסט וועלן מיך פאָלגן, ברודער, וואָלט מען זי דערוויי‍ל געדארפט ארייננעמען צו אונז...

**סאלאדין** — דו האָסט רעכט שוועסטער, ס'איז אַ פּלאַן, נאָר, אויף דער ארט אז נאטאן זאָל דערפון ניט ליידן.

**סיטא** — זיי רואיק, ברודער, פארלאָז זיך אויף מיר.

**סאלאדין** — טו ווי דו פארשטייסט שוועסטער; איך האָב פאלקאמען צוטרויען צו דיר. איך גיי פארזאָרגן דאָס געלט צו פאָטער.. (צוגייען זיך.)

## ע ל פ ט ע ס   ב י ל ד.

נאטאן — מאָנאך.

**נאטאן** — (דערזייענדיג דעם מאָנאך.) — מיט וואָס קאָן איך דיך די־נען, פרומער יונגערמאַן?

**מאנאך** — איך בין געקומען צו דערמאנען אייך אין א „פקדון", וואָס איך האָב אייך אמאָל געגעבן צו באהאלטן.

**נאטאן** — (פארוואונדערט.) — א פקדון וואָס דו האָסט מיר געגעבן צו באהאלטן?

**מאנאך** — צום אלעם ערשטן, הערט אויס הער נאטאן, וואָס מיך האָט געבראכט, איך זאָל מיך, גראדע היינט, דערמאנען אין דעם פקדון. — איך — דארפט איר וויסן, בין א דערוויש אין דער מדבר יריחו געווען; נאָר ביי דער לעצטער מלחמה, האָט מען מיין געצעלט צע־שטערט און איך האָב מיך קוים גערעטעט, קוים מיטן לעבן אנטלאפן אַהער, קיין ירושלים, צו בעטן ביים פאטריארך מיר אָנצוּווייזן ער־געץ אין א מדבר, אן אנדער רואיק ווינקעלע, ווי איך זאָל קענען אָנ־געשטערט דינען גאָט. דער פאטריארך האָט מיך — ביז ער וועט גע־פונען פאר מיר אזא פלאַץ — ביי זיך פאר א דינער גענעמען, און שיקט מיך טאָג טעגליך אין אזעלכע שליחות'ן, וואָס זענען מיר ביז גאָר דערווידער... אָט איז היינט, האָט אים איינער אָנגעטראָגן א רכילות אויף א אידן אין ירושלים, אז עס געפונט זיך ביי אים א

קריסטליך מיידל, וועלכע ער דערציעט אלס זיין אייגענע טאָכטער, אין אידישן גלויבן.

**גאַטאַן** — (דערשראָקן.) — וואָס?

**מאַנאַך** — הערט זשע ווייטער: — דער פּאַטריאַרך האָט מיך גלייך געשיקט, איך זאָל אויסזוכן דעם זינדיקן אידן, דעם פאַרברעכער, און ער וועט שוין פון אים זיין פאַרדינטע שטראָף באַקומען.

**נאַטאַן** — וואָס זשע פאַר א שטראָף, למשל?

**מאַנאַך** — דער פּאַטריאַרך זאָגט אז פאַר אזא פאַרברעכן קומט דעם אידן צו פאַרברענען...

**נאַטאַן** — (דערציטערט.) — פאַרברענען?

**מאַנאַך** — יאָ, פאַרברענען. ווייל דאָס רעכנט זיך לויט דעם קריסטנ־טום דאָס גרעסטע פאַרברעכן... און גראַדע אין דעם מאָמענט האָב איך מיך גראַדע דערמאָנט, אז איך אליין, האָב אויך אמאָל געהאַט א חלק אין אזא פאַרברעכן... זאָגט זשע מיר, איך בייט אייך, הער נאַטאַן, האָט איך אמאָל א רייטער ניט געבראַכט א קינד פון עטלי־כע וואָכן? עס דאַרף שוין זיין אין דעם א יאָר אכטצן.

**נאַטאַן** — (א פאַרטראַכטער.) — א רייטער זאָגט איר? ריכטיק, איך געדענק.

**מאַנאַך** — קוקט אייך גוט איין אין מיר — הער נאַטאַן, בין איך עס ניט דער רייטער?

**גאַטאַן** — (דערשטוינט.) — דו? (באַטראַכט אים נאָך אמאָל.) — יאָ, ריכטיק, דו האָסט עס מיר געבראַכט.

**מאַנאַך** — און דער וואָס האָט מיט מיר געשיקט דאָס קינד צו אייך, האָט — דוכט זיך מיר — זיך גערופן: וואָלף פולנעק?

**נאַטאַן** — ריכטיק.

**מאַנאַך** — די מוטער פון דעם קינד, ווי מיר איז באַוואוסט, אין קינד־בעט געשטאָרבן, און דער פאָטער האָט באַדאַרפט, אונבאַדינג, צו יענער צייט גיין אין מלחמה אריין קיין עזה, און, פאַר זיין אוועק־גיין האָט ער מיט מיר דאָס קינד געשיקט צו אייך; און ווי מיר שיינט, האָב איך אייך דעמעלט געטראָפן אינם שטעטל דאַרון.

**נאַטאַן** — יאָ, איך בין דעמעלט אין דאַרון געווען.

**מאנאך** — דער וואלף פולנעק איז מיין בעל הבית געווען, ער איז דע־מעלט געפאלן אין דער מלחמה ביי אשקלון. אך, וואס פאר א טייע־ר'ער מענטש איז דער וואלף פולנעק געווען...

**נאטאן** — דער וואלף פולנעק איז אויך מיין פריינט געווען.

**מאנאך** — איצט זאגט מיר, הער נאטאן, איז נאך דאס קינד ביי אייך? שרעקט אייך ניט, קוים ווייסט נאך קיינער ניט אויסער מיר, מעגט איר זיין זיכער, אז אפילו א האר וועט אייך ניט געקרומט ווערן.

**נאטאן** — געוויס? אך! ווי מיין הארץ שרעקט מיך...

**מאנאך** — הערט אויס, הער נאטאן. איך בין א מאנאך און ווייס ניט פון אויבער־חכמות... קוים האט גאט אזוי געפירט, אז איר זאלט ווערן דער דערציער פון א קריסטליך קינד און געוויס — גלויב איך — האט איר זי דערצויגן ווי א אייגן קינד, און ווען איר האט דעם הייליקסטן מענטשליכן חוב אזוי ערליך און טריי אפגעצאלט, קומט אייך דערפאר א דאנק פון יעדן ארנטליכן קריסט, און בשום אופן ניט קיין שטראף. זאלן מיר קלערן, אז איר וואלט געקענט אי־בערגעבן דאס קינד צו א קריסט, ער זאל עס דערציען; דאס וואלט אבער איבערצייגט, אז איר האט אייער גוטן פריינדס יתומה ניט אזוי ליב ווי א אייגן קינד און איך מיט מיין מאנאכישן שכל פאר־שטיי, אז די ערשטע זאך ווי צו דערציען א קינד פאדערט פאטערלי־כע ליבע, און אזא ליבע שטייט העכער פון רעליגיע, ווייל אן א ערנסטע איבערגעגעבענע ליבע אויף צו דערציען א קינד, וואס פאר א ווערט האט די רעליגיע?...

**נאטאן** — א, פרומער און גוטער מענטש! איך גלויב אז דו וועסט מיך פארטיידיקן אין א נויט, און נאר צו דיר האב איך צוטרוי צו איבערגעבן דאס הייליקע געהיימניס, וואס מיין מויל האט עס נאך ביז איצט ניט ארויסגעבראכט. הער זשע מיך אויס ליבער פריינט: — איידער דו האסט מיך געטראפן אין דארון בין איך געווען אין גת־פלשתים; אהין האב איך צו מיינעם א ברודער געבראכט — אויס־צובאהאלטן מיין גאטזעליגע פרוי מיט מיינע זיבן קינדער — פון די קרייצציגער, נאר דאס אומגליק איז געשען, אלע אידן פון גת האבן זיי דערמארדעט, און דאס הויז פון מיין ברודער, וואו מיין

פרוי מיט די קינדער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן האָבן זיי אונטערגע־
צונדן און די אומגליקליכע זענען אַלע פאַרברענט געוואָרן; ווען דו
ביזט צו מיר געקומען, האָב איך שוין געהאַלטן נאָך דעם זיבן־טאָ־
גיקן יאָמער און קלאָג, אין וועלכע איך האָב מיט בלוטיקע טרערן
באַוויינט די, וואָס זענען ביי מיר אַזוי ליב און טייער געווען; איך
האָב ווי איוב, מיינע יאָר און טעג פאַרשאָלטן, איך האָב מיין פינס־
טער מזל צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט פאַרשאָלטן, און איך האָב
געשוואוירן א אייביקע שנאה צו די קריסטן...

**מאַנאַך** — איך קאָן עס גלויבן, איך פיל עס.

**נאַטאַן** — נאָך דעם פאַרצווייפלטן צושטאַנד, אין וועלכן איך האָב מיך
געפונען, און זיך עטוואָס באַרואיקט, האָב איך געבעטן גאָט, ער זאָל
מיר ווייזן א נקמה אין די קריסטן, אָט אין די מערדער. און גלייך
נאָך מיין געבעט, ביזטו, מיין פריינט, געקומען צו רייטן, און מיר
איבערגעגעבן א קינד, וועלכעס איז געווען פאַרוויקעלט אין דיינעם
א אַלטן מאַנטל; — איך האָב דאָס קינד אנידערגעלעגט אויף מיין
בעט, און אַליין האָב איך פאַר דעם געקניט און מיט הייסע טרערן
די ווערטער ארויסגעזאָגט: פאַר מיינע זיבן קינדער, האָסטו מיר,
ליבער גאָט, דאָס איינע אָפּגעגעבן, איך דאַנק און לויב דיין הייליקן
נאָמען.

**מאַנאַך** — א נאַטאַן, איר זענט דאָך א קריסט! ביי גאָט, אז א בעסערן
קריסט פון אייך, האָב איך נאָך ניט געזען.

**נאַטאַן** — איצט זענען מיר ביידע גליקליך, ווייל דאָס וואָס מאַכט
מיך אין דיינע אויגן פאַר א קריסט, דאָס זעלבע מאַכט דיך אין מיי־
נע אויגן פאַר א אידן... איצט ליבער קריסטליכער־איד הער אויס
מיין באַשלוס. איך האָב ליב דאָס קינד מער פון מיין לעבן, און
קוים נעמט מען עס ביי מיר צו, שטאַרבן נאָך אמאָל ביי מיר מיינע
זיבן קינדער, און מיין לעבן איז דעמעלט נאָך ערגער פונם טויט,
און דאָך, קוים פאַרלאַנגסטו איך זאָל זי אָפּגעבן, גיב איך זי (פּאוזע)
אָבער ניט יעדן, וועלכער וועט שטרעקן א האַנט. דער וואָס קאָן ניט
איבערצייגן זיין נאַטירליכע רעכט אויף איר, זאָל זיך ניט ווענן די
האַנט אויסצושטרעקן. זאָג זשע — ברודער און פריינט — ווער גיט

זיך איצט אַן מיט איבערצייגונג אַלס אירער אַ קרובֿ? אויב עס גע־
פונט זיך אַזעלכער, גיב איך זי אים איבער, ווען אויך איך שנייד
און פאַרוואונדע מיין האַרץ, און גאָט ווייסט, צי איך וועל קאָנען
לעבן אָן איר... (וויינט פאַרצווייפלט.) — נאָר איך גיב זי, איך מוז
זי געבן... נאָר ווער זשע איז דער קרובֿ דער אמת׳ער פריינט? דו
דאַרפסט קלאָרער זיין אין איר משפּחה, דו האָסט דאָך פאָרט דאָרט
געדינט.

**מאַנאַך** — ליידער, הער נאַטאַן, געדענק איך זער ווייניג, ווייל איך
האָב נאָר אַ קורצע צייט געדינט דאָרט.

**נאַטאַן** — ווייסטו אמווייניגסטן איר מוטערס פאַמיליע? איז זי ניט
פילייכט פון דער פאַמיליע שטעפאַן?

**מאַנאַך** — (טראַכטנדיק.) — דוכט זיך אַז יאָ, דאָס געדיינק איך, אַז
אירער אַ ברודער, מיין בעל הבית׳ס אַ שוואָגער, איז געווען אַ טעמפּ־
לער און האָט זיך גערופן מיטן נאָמען קאָנראַד.

**נאַטאַן** — ריכטיק, נו, דערמאַן זיך נאָך אין עפּעס...

**מאַנאַך** — אַך ליבער נאַטאַן, איך האָב מיך דערמאַנט, ביי מיר אין אַ
קעסטל ליגט אַ עוואַנגעליום, וועלכן איך האָב אַרויסגענעמען פון מיין
בעל הבית קעשענע, אין דער צייט ווען איך האָב אים מקבר געווען
אין אשקלון.

**נאַטאַן** — (אומגעדולדיק.) — נו, נו, דערצייל ווייטער.

**מאַנאַך** — איך אַליין קאָן ניט לייענען, נאָר מען האָט מיר אמאָל גע־
זאָגט, אַז אויף די זייטן פון די בלעטער שטייען פאַרשריבן אַלע זיי־
נע און אירע קרובים.

**נאַטאַן** — (אויסער זיך פון גרוים פרייד.) — לויף זשע שנעלער און
ברייננ דאָס ביכל, דאָס וועט אונז אַלץ קלאָר מאַכן. (מאַנאַך גייט
אַוועק.) — אַך גרויסער גאָט! הלואי מיין השערה זאָל פאַרווירקלעכט
ווערן. דערוויל איז וויכטיק, צו דערוויסן זיך, ווער עס האָט דעם
פּאַטריאַרך איבערגעגעבן דאָס געהיימניס. איז דאָס ניט דאַיאַ׳ס אַר־
בעט? (דאַיאַ קומט אָן.)

**נאַטאַן** — דאַיאַ.

**דאַיאַ** — (דערשראָקן.) — אוי מיין האַרץ פּלאַטערט אין מיר.

**נאטאן** — וואָס איז אזוינס געשעען?
**דאיא** — מען האָט נאָך רחל'ן א פּאַסאל געשיקט...
**נאטאן** — פונם פּאטריארך?
**דאיא** — סאלאדינס שוועסטער האָט נאָך איר געשיקט.
**נאטאן** — סאלאדינס שוועסטער, ניט דער פּאטריארך?
**דאיא** — וואָס חלומט זיך אייך פּאטריארך?
**נאטאן** — זאָג דעם אמת — דאיא — דו האָסט עפּעס ניט אויסגעפּלאַ-פּעלט פארן פּאטריארך?
**דאיא** — איך, פארן פּאטריארך? איר חלומט ווייטער, הער נאטאן?
**נאטאן** — דאנקן גאָט, וואָס ניט דער פּאטריארך. (גייט אוועק.)
**דאיא** — (אליין.) — און איך פארשטיי דאָך ניט, ווי ער איז גלייכגיל-טיק געבליבן, ווען איך האָב אים די נייעס פון רחלס רופן צו סא-לאדינען איבערגעגעבן. פאר מיר איז עס א פינסטערע בשורה, אָט דער וויזיט ביי סאלאדינען... א אידיש שיין מיידל קאָן א מוסולמא-נער אויך געפעלן... און דעמעלט מיין ליבער טעמפּלער, איז דיין האָפנונג אויף רחלן א פארפאלענע... פון מיינער איז שוין ניטאָ וואָס צו רעדן... ( פּאוזע) — א, איך מוז איצט איר אלץ דערקלערן... די קאָרטן מוזן אויפגעדעקט ווערן... צו סאלאדינס פּאלאַץ וועל איך זי באלייטן, און אויפן וועג וועל איך איר אלעם דערקלערן. רחל וועט מיר גלויבן, זי איז א גוטער מבין אויפן אמת. (גייט אוועק.)

## צוועלפטעס בילד

(טעמפּלער שפּאַצירנד צווישן די פּאַלמען צוליעצט רחל, פּאסאל און דאיא. דורכגייענד.)

**טעמפּלער** — אך ווי לייכטזיניג איך בין געווען! צו אים אין הויז קאָן איך דאָך מער ניט קומען, ער פאראכטעט מיך געוויס... אָבער, ווער זאָגט עס, אז ער פאראכטעט מיך? האָט זיך דען זיין פריינט-שאַפט צו מיר פארקלענערט? ער האָט מיר גלייך ניט פארשפּראָכן צו געבן רחלן פאר א פרוי? אפשר האָט ער א וויכטיגע אורזאכע?

מ ש ה   ר ו ב י ן

א, וואָס האָב איך אזוי געוואָלדעוועט פאר דער גזלה, וואָס ער האָט גענזל'ט דאָס קריסטנטום? ווירקליך אזא פערזאָן ווי רחלאָוועקצו־גענומען פונם קריסטנטום, איז ניט קיין קליינע גזלה, אָבער ווער האָט דען דאָס טייערע ווען געבראַכט צו איר פארפאלקאמענהייט? ניט דער קריסט וואָס האָט זי אויף דער וועלט געבראַכט, נאָר דער איד וואָס האָט זי אזוי זאָרגפעליג דערצויגן, און זי פאר אזא געניע גע־מאַכט... און איך? לייכטזיניגער, צו וועלכן צוועק האָב איך אים די שבועה געגעבן, אז איך וועל אין זיין הויז מער ניט קומען, ביז זי, רחל, וועט ניט מיינע זיין? איז דען נאַטאַן דער וואָס מע דאַרף אים אָנשרעקן? וואָלט דען נאַטאַן ניט געטון, אָדער וועט ער דען ניט טון און אויספאָלגן זיין מענטשליכן חוב? אָן וועלכע ס'ניט איז קאָנ־דיציע פון מיין זייט? פאר וואָס זשע האָב איך אַליין פארצווימט דעם וועג צו איר?... (נאַטאַן מיטן מאַנאך גייען דורך דער סצענע, און רעדן שטיל.) — נאַטאַן מיטן מאַנאך... ווייסט ער שוין פון אַלעס? — דער פאַטריאַרך האָט געלעזט דאָס רעטעניש?... ער שפּרייט שוין די נעץ? (קלאַפּנד אין קאָפּ פארצווייפלט.) — איך מוז לויפן צו איר, איך וועל איר אַלס זאָגן... איך וועל איר הייסן פארבלייבן נאַטאַנס טאָכטער. איך וועל... (רחל מיטן פּאַסאַל, אונטן דאַיאַ, גייען דורך.) — אך! אַ קעניגליכער פּאַסאַל פירט זי שוין! וואוהין? צו וואָס? (וואַקלענדיג נאָך איר.) — רחל! (העפטיג.) — א, אומגליקליכע רחל! (פאַלט אין אונמאַכט.)

פאָרהאַנג פאַלט

# פינפטער אַקט

(אין דער פּלאַסע פון די פּאַלמען.)

נאטאן און דערנאָך טעמפּלער.

**נאַטאַן** — (אַליין.) — דאָס ביכל איז דאָ, איצט איז אַלעס אויפגעלעזט. דעם צווייטן שליח האָט גאָט מיר געשיקט,ביידע קריסטן, איינער האָט מיין טאָכטער געראַטעוועט, דער צווייטער מיך, אַך גאָט! פאַר־באָרגן זענען דיינע וועגן פון אונזערע אויגן... אַ געהיימניס, פאַר וועלכן איך ציטער שוין אַכצן יאָר, און בין יעדן טאָג געווען אויס־געשטעלט צום גרעסטן אומגליק, איז אַזוי לייכט און איינפאַך אין אין מאָמענט אויפגעלעזט געוואָרן... דאָס געהיימניס איז יעצט אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, און איך שרעק מיך שוין מער ניט. אָבער, וואָס מיך וואונדערט, דער טעמפּלער זאָל דעם געוועזענעם סוד האָבן אַנטדעקט פאַרן פּאַטריאַרך? דער פרומער מאַנאַך האָט זיך אָבער דאָך מיט זיינע אויערן אַליין געהערט?... אָבער וואָס קימערט מיך איצט, ווער ס'האָט מיך געמסר'ט, דאָס ביכעלע וועט אַלעס דער־קלערן. איך לויף צו סאַלאַדינען, איך מוז ווייסן, וואָס האָט סיטאַ באַדאַרפט רחל'ן. (גייט און באַגעגנט דעם טעמפּלער.)

**טעמפּלער** — נאַטאַן, נאַטאַן, וואוהין לויפט איר?

**נאַטאַן** — אַ ליבער טעמפּלער, גוט וואָס איך האָב דיך געטראָפן. איך גיי צו סאַלאַדינען, קום, וועלן מיר ביידע גיין.

**טעמפּלער** — אַנטשולדיגט מיר נאַטאַן, איך האָב מיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף אייך, בין איך שוין אַליין געווען ביי אים, ער וויל אָבער מיט אונז ביידע רעדן.

**נאַטאַן** — אַלזאָ, קום מיט מיר.

**טעמפּלער** — זאָגט זשע מיר נאַטאַן: וואוהין איז רחל געגאַנגען ערשט מיט סאַלאַדינס פּאַסאַל?

**נאַטאַן** — צו סיטאַן, סאַלאַדינס שוועסטער. איך ווייס אָבער אַליין אויך ניט צום וועלכן צוועק.

**טעמפּלער** — (שטיל, שמערצליך.) — אַך צו וואָס מיין אונפאָרזיכטיג־קייט, און הייסבלוטיקער כאַראַקטער האָט מיר געבראַכט...

**נאַטאַן** — האָסטו אפשר אויך סאַלאַדינען געזאָגט וועגן מיין פאַרהעל־טעניש צו רחל'ן?

**טעמפּלער** — (דערשראָקן.) — וואָס וויל זאָגן דער אויך, ווער האָב איך דען יאָ געזאָגט?

**נאַטאַן** — האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקן מיין פריינט. — מיר האָט דער מאַנאַך געזאָגט, אַז אַ טעמפּלער האָט אַלעם דעם פּאַטריאַרך דערציילט וועגן מיינעם אַ פאַמיליען סוד. נאָר עס מאַכט ניט אויס... געוויס האָסטו עס ניט פון שנאה צו מיר געטון...

**טעמפּלער** — (שטיל.) — אַ טיפע געוויסנביסע. — (הויך) — ס'איז אַ ליגן נאַטאַן. הערט מיך אויס. הערט אויס מיין דומהייט, אָבער ניט פאַלשקייט... דער טעמפּלער איז ניט קיין אַנדערער, נאָר איך; וואָס מיך האָט געקריינקט ביז אין דער טיפעניש פון מיין נשמה דאָס ווייסט איר נאַטאַן. איר ווייסט ווי אייער גלייכגילטיגקייט, אין דער צייט פון מיין ווארפן זיך אין אייערע אָרעמס — האָט אויף מיר געווירקט. און פּונקט אין דער צייט איז דערשינען פאַר מיר די בייזע שלאַנג דאיא, וועלכע האָט מיט געוואַלד מיר אנטפּלעקט דעם סוד. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אין אזא מאָמענט פון דער גרעס־טער אויפרעגונג, האָב איך ניט געקענט זיך קאָנטראָלירן, און האָב דעם סוד אַלס אַ רעטעניש פאַרן פּאַטריאַרך אנטדעקט. איך בין אָבער דאָך געווען פאָרזיכטיק און אייער נאָמען ניט אַנטפּלעקט. און הלואי וואָלט איך אויך דאָס נאַרישקייט ניט געווען געטון, און אייך אַליין געפרעגט, איידער איך בין צום פּאַטריאַרך געגאַנגען... ס'איז דאָך אָבער שוין פאַרפאַלן... ביי אַלעם דעם אָבער, האָט איר גאָרניט וואָס מורא צו האָבן. ווייל ווען דער פּאַטריאַרך זאָל זיך אפילו דער־וויסן אַז איר זענט עס, קאָן ער דאָך אויך מער ניט טון, ווי נאָר

רחלן צונעמען, און ארײַנגעבן זי אין מאָנאַסטיר. אָבער קוים גיבט איר זי מיר, דעמעלט איז רחל געווים געגרעטעט. ליבער נאטאן! גיט זי מיר, זי מעג זיין אײַערע, צו ניט אײַערע, א אידין, צו א קריסטין, איך פרעג דאַרויף ניט. (שמערצליך.) האָט מיטלייד מיט מיר, און זאָגט נאָר אז זי איז מיינע.

**נאטאן** — איך פארבאָרג ניט פאר דיר, ליבער יונגערמאן, און בין מודה, אז רחל איז א קריסטין. און דאָס וואָס איך האָב ביז אהער געהאַל־טן עס אין געהיים, דאָס איז מיין זאַך, און דאַרויף, וועל איך בײַ רחלן אליין בעטן פארצייאונג.

**טעמפלער** — טוט דאָס ניט נאטאן, טוט דאָס ניט. לאָז זי אייך איי־ביק האַלטן פאר דעם, וואָס זי האָט אייך ביז אהער געהאַלטן, אנט־פלעקט ניט פאר איר דעם סוד... איר, נאָר איר, האָט אויף איר די פאָלקאמענע פאָטערליכע רעכט — ניט קיין אנדערער. מיר גיט זי נאטאן, איך, נאָר איך, קאָן זי איצט פון איר קריטישער לאַגע רעטן.

**נאטאן** — דו האָסט עס געקענט, נאָר ניט איצט... איצט איז שוין שפּעט... דאַנקענד דעם פאטריארך, איז שוין באוואוסט צו וועמען רחל געהערט איצט, און יענעם וועל איך זי אָפּגעבן, און פון יענעמס האַנט קאָנסטו זי דיר נעמען... נאָר ניט בײַ מיר.

**טעמפלער** — (ווײַטיגליך.) — א, אָרימע רחל! אומגליקליכע רחל! ווער זשע איז דער גליקליכער, וואָס האָט רעכט אויף איר?

**נאטאן** — אירע אייגענע, אירע קרובים, גאַנץ נאָענטע קרובים. אייגענער פון די קרובים איז איר אייגענער ברודער. ער וועט זי נעמען, און בײַ אים קאָנסטו זי בעטן...

**טעמפלער** — וואָס פאר אמענטש איז כאָטש דער ברודער? האָט ער די ווערט צו האָבן רחלן פאר א שוועסטער?

**נאטאן** — לויט איך האָב זיך דערוואוסט, איז ער א גאַנץ פיינער, בראַ־ווער אָרענטליכער מאן. און האָט זי די ווערט צו האָבן פאר א שוועסטער.

**טעמפלער** — אָבער א קריסט איז ער דאָך געווים. אך נאטאן! פאר וואָס זענט איר אזוי טיפזיניג, איך זאָל אייך ניט קענען פארשטיין? וואָס קאָן איך פארשטיין אין אײַער גלייכגילטיג רעדן, וועגן אזא

אויסערגעוויינליכע געשעעניש? איר ווייסט דאָך, אז צווישן קריסטן וועט זי א פאלקאמענע קריסטין ווערן, און אייך קימערט גאָרניט אייער אכצעניאָריגע דערציאונג, זאָל געענדערט ווערן אויף אזא אופן, וואָס אייך וועט עס געוויס צום הארצן ניט זיין?

**נאטאן** — איך גלויב אז די מאָראלישע דערציאונג וועט זי אויך ביי דעם קרוב האָבן... נאָר פילייכט האָב איך א טעות, בלייבן זיך איר איבער אזעלכע צוויי גוטע פריינט ווי איך און זי, וועלכע וועלן זי פאַ־היטן פון אונמאָראלישקייט. אויסערדעם, וועט מען די מאָראל, וואָס איך האָב איינגעפלאנצט אין איר זייט אכצן יאָר, בשום אופן ניט קאָנען אויסוואָרצלען.

**טעמפלער** — (איראָניש.) — יאָ, וואָס קאָן מען פארלאנגען פון א קרוב? עסן, טרונקען און א מלבוש וועט זי געוויס ביי אים האָבן. וואָס קאָן נאָך א שוועסטער פאָדערן פון דעם קרוב אירער א ברודער. און מסתמא מיט א מאן וועט ער זי אויך פארזאָרגן, מיט א פיינעם קריסט... און דאָס איז די ענדע פון דער אכצניעריגער זאָרג אייערע? אך נאטאן, נאטאן!

**נאטאן** — זאָרג ניט יונגערמאן, דער מלאך וועט בלייבן דערזעלבער ווי געוועזן...

**טעמפלער** — (ראשיג.) — רחל ווייסט שוין פון דעם סוד?

**נאטאן** — איך גלויב אז יאָ. ווען אויך איך ווייס נאָך ניט, ווער האָט עס איר געקאָנט זאָגן?

**טעמפלער** — גענוג, גאַנץ גענוג, אז זי ווייסט שוין. איך וועל איר זאָגן נאָר דאָס, אז א חוץ אייך מיט איר ברודער, האָט זי נאָך מיך, איר ערשטער און לעצטער אפּפער פאר איין מינוט פון איר לעבן. (וויי־נענד.)

**נאטאן** — קום זשע טאַקע מיט מיר צו סאלאדינען און דאָרטן וועסטו שוין זען אויך איר ברודער.

דרייצנטעס בילד

ביי סיטאן אין קאבינעט. סיטא און רחל.

**סיטא** — וואָס פאר א פארגעניגן האָסטו מיר פארשאפט, ליבעס קינד, מיט דיין ערליך שיינעם אויסזעען... נאָר דערקלער מיר קינד, פאר

וואס ביזטו אזוי מרה שחורה'דיק?

**רחל** — א, פרינצעסין!

**סיטא** — רוף מיך ניט פרינצעסין, רוף מיך פריינדין, שוועסטער, און אפילו מוטער! ביזט דאך אזוי יונג און אזוי קלוג. זאג מיר ליב קינד, ווער האט אזוי אויסגעבילדעט דיין גייסט? ביז אודאי היבש באלעזן?

**רחל** — גאנץ ווייניג, נאר אויב איר געפינט עפעס גוטס אין מיר, האב איך עס צו פארדאנקען מיין פאטער, ער מיט זיינע געשפרעכע האט מיך געבילדעט... ווי גרויס און טיף זיין מונדליכע ליטעראטור איז.

**סיטא** — יא, איך קאן עס גלויבן הערנדיג דיינע רעד.

**רחל** — איר האט אודאי אויך ווייניג געלעזן?

**סיטא** — ווי אזוי ארום פארשטייסטו עס?

**רחל** — פון אייערע ריינע אונשולדיקע רייד און געוויסן. מיין פאטער זאגט: :אז א ריינע לויטערע הויכע נשמה, בילדעט מען ניט אויס פון ביכער, נאר מיט זיך אליין...

**סיטא** — וועלכע קלוגע ווערטער דאס זענען?

**רחל** — און אט דעם טייערן קלוגן פאטער (וויינט.) נעמט מען ביי מיר צו...

**סיטא** —דיין פאטער? — ביי דיר? — ווער וואגט עס? בארואיק דיך מיין טייערע, איך וועל דאס ניט דערלאזן. דערציייל מיר נאר אלעס דייטליך.

**רחל** — זענט איר ווירקליך מיין פריינדין, מיין שוועסטער; א טייערע עדעלע שוועסטער, דערלאזט ניט, מען זאל מיר געבן אן אנדער פאטער... איך באשווער אייך ביים גאט, ביי דער מענטשהייט, איר זאלט עס ניט דערלאזן.

**סיטא** — אן אנדער פאטער דיר געבן? ווי זאל איך עס פארשטיין? ווער וויל דאס דען טון?

**רחל** — מיין גוטע - שלעכטע דאיא, זי וויל עס, און זי קאן עס וועלן... איר קאנט זי ניט; אך! גאט זאל עס איר נאר ניט רעכענען; וויפיל גוטס און שלעכטס זי האט שוין אין פארלויף פון מיין לעבן, דאס הייסט, זייט איך האב אנגעהויבן צו פארשטיין, — קעגן מיר געטון.

**סיטא** — ווער איז די דאיא, אט די נארישע פרוי?

**רחל** — מיינע גאווערנערין, א קריסיטין. איר איבערפלוס פון ליבע און טרייהייט צו מיר איז מיר שטענדיק געווען איבערדריסיק; זי איז פון די קריסטן, וואָס זאָרגן שטענדיק נאָר פאר גאָט...

**סיטא** — איך פארשטיי... דערצייל מיין קינד ווייטער.

**רחל** — זי איז פון די, וואָס רעדן זיך איין, אז, נאָר אויף זיי איז א חוב אנצו־ווייזן יעדן דעם גלייכן וועג צו גאָט... און זי האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי איך פריינדין בלאָנזעט אין א פאלשן וועג, און טאָג טעג־ליך געליטן פון איר מוסר און תפלות צו גאָט, ער זאָל מיך רעטן פונם זינדיקן לעבן...

**סיטא** — וואָס זשע נאָך וויל די נארישע פרוי פון דיר?

**רחל** — זי פאָדערט פון מיר, איך זאָל איר גלויבן דאָס, וואָס זי האָט מיר ערשט אנטפלעקט.

**סיטא** — אנטפלעקט? ערשט?

**רחל** — יאָ, ערשט ניט לאנג, אין דער צייט פון איר באלייטן מיך אהער צו אייך. דאָרט ביים מאָנאסטיר, אין א ווינקעל, איז זי פלוצים גע־פאלן אויף די קניעס און מיט טרערן אין די אויגן איז זי מיר צו די פיס געפאלן און מיך באשוואוירן, איך זאָל איר מוחל זיין דערויף וואָס זי וויל מיר אנטפלעקן... און מיט א יאָמערליכער שטימע האָט זי די ווערטער קוים אויסגעשפראָכן: „האָב רחמנות רחל, אויף דיין זינדיקער נשמה, רעטע זיך ווי שנעלער, ווייל דו ביזט א גע־בוירענע קריסטין".

**סיטא** — אָרימעס קינד, וואָס פאר א ווירקונג דאָס האָט אויף דיר גע־מאכט...

**רחל** — און נאטאן — האָט זי געשלוכצט — איז ניט מיין פאָטער... אָ, מיין גאָט! נאטאן איז ניט מיין פאָטער. ראטעווע מיך שוועסטער, ראטעווע! (פאלט.)

**סיטא** — שטארק זיך מיין ליבע רחל; זע דער סולטאן גייט אהער, שטיי אויף, בארואיק זיך...

פאָריגע — סאלאדין.

**סאלאדין** — (דערזעענדיג די פאלענדע רחל.) — וואָס איז געשעען?

**סיטא** — אך מיין גאָט, זי חלשט!

**סאלאדין** — ווער איז דאָס מיידל?
**סימא** — רחל, נאטאנס טאָכטער. (אַנבויגנד זיך צו רחלן.) — דערמונ־טער זיך טייערע רחל, זע, דער סולטאַן שטייט פאַר דיר.
**רחל** — (קומענדיג צו זיך.) — איך וועל ניט אויפשטיין, ביז זיין מאַ־יעסטעט וועט מיר פארשפּרעכן מיין ביטע צו דערפילן.
**סאלאדין** — שטיי אויף טאָכטער, דיין וואונש וועט דערפילט ווערן, וואָס איז דיין וואונש?
**רחל** — מיין וואונש איז, מאַיעסטעט, מע זאָל מיר צוריקגעבן מיין פאַ־טער און אים זיין טאָכטער. איך וויל ניט וויסן פון קיין אנדער פאַ־טער, ווער ער זאָל ניט זיין... מיין פאָטער איז ניט דער וואָס האָט מיך אויף דער וועלט געבראכט, נאָר דער וואָס האָט מיר א ליכטיקע וועלט געגעבן.. דער וואָס האָט מיר דערצויגן און מיין גייסט אנט־וויקעלט.
**סאלאדין** — (שטיל.) — פאלקאמען רעכט. (הויך.) — ווער זשע וואגט עס דיר אן אנדער פאָטער געבן?
**רחל** — מיין גאוורענערין: דאיא.
**סאלאדין** — קיינער האָט ניט דאָס רעכט, דורך זיין פלייש׳יקן זכות דיין פאָטער צו זיין. מענטשן זענען דאָך ניט קיין חיות; ער האָט דאָס רעכט צו „רופן" זיך פאָטער, אָבער ניט דאָס רעכט אויף צו „זיין" דיין פאָטער... פּאוזע.) — הער טאָכטער! הער אוים מיין אמת׳ע עצה: פאָלג מיך, דו ביזט איצט אין דער עלטער וואָס נויטיקט זיך אין א פערזאָן מיט וועלכן זאָלסט קענען דיינע פריידן און ליידן טיילן אינם לעבן. הער זיך אויף צו זאָרגן פאַר דעם. אָדער פאַר יע־נעם פאָטער... און פארבינד זיך מיט דער פערזאָן, וועלכן, ווי מיר שיינט, האָסטו שוין געפונען... יאָ, ליבעס קינד, באַלד וועט אַהער קומען דיין פאָטער נאטאַן, מיט ינעם יונגנמאַן... דו קאָנסט אים, דוכט זיך, (עם דערהערט זיך טריט.) אָט קומען זיי טאַקע. (נאטאַן און טעמפּלער קומען אריין.)
**סאלאדין** — וואוילקומען מיינע טייערע און ליבע בונדעס־פריינט. דיר נאטאַן, מוז איך זאָגן, אז דו קאָנסט דיין געלט צוריק באַקומען, עס זענען מיר שוין אָנגעקומען אַלע אוצרות פון עגיפּטן.

**נאטאַן** — זאָלן מיר איצט — מאַיעסטעט — פון אַזאַ קלייניקייט ניט רעדן. (ער דערזעט רחלן א וויינענדיקע. גייט צו און זאָגט:) דו וויינסט מיין טייערער מלאך! וויין ניט, דו ביזט געווען מיין טאָכ־טער, און אַזעלכע וועסטו פארבלייבן אויך אויף ווייטער. אייביק, אייביק וועסטו זיין מיינע.

**רחל** — (האלזט אים.) — אָ, מיין טייערער פאָטער!

**נאטאַן** — זיי מונטער רחל, דיין פאָטער וועט דיך פארטיידיקן, קיינער וועט דיך פון מיר ניט אוועקרויבן.

**רחל** — איך וויל פון קיינעם ניט וויסן אויסער דיך.

**טעמפּלער** — (פארשטיינערט.) — פון קיינעם? אזוי גענארט בין איך געווען? אַלזאָ, נאטאן, איז אַלעס געענדיקט!

**סאלאדין** — ס'איז נאָך ניט געענדיקט, איך האָב נאָך אויך א וואָרט...

**טעמפּלער** — איר האָט זיך שוין ניט וואָס צו באַמיען — מאַיעס־טעט — יאָ אַלעס איז צו ענדע!

**סאלאדין** — הער יונגערמאן! פאר רעטן א מענטשן קויפט מען אים נאָך ניט... (נעמט רחלן ביי א האנט.) — קום מיט מיר טאָכטער צו אים, ער איז דאָס — ניט אין זיך, ווי אויסער זיך... ער איז איצט אי־בערראשט. פארשיים זשע ניט אים פאר אונז אלע... זאָג אים, אז דו ליבסט אים...

**סיטא** — גיי, און פאָלג ליב קינד.

**נאטאן** — ווארט נאָר פרינצעסין, ווארט איר אויך מאַיעסטעט. ס'איז נאָך דאָ איינער, וואָס האָט אויך דאָס רעכט צו רעדן און גיבן אַן עצה...

**סאלאדין** — יאָ, דאָס רעכט פון אַזאַ עדלען דערציער ווי דו, קאָן קיי־נער ניט אוועקנעמען. רעד נאטאן, דו האָסט פאלקאמען רעכט צו רעדן.

**נאטאן** — איך מיין דאָ ניט מיין פערזאָן, מאַיעסטעט, איין אנדער פערזאָן איז דאָ צווישן אונז, וואָס מיר מוזן אים אַלע אויסהערן.

**סאלאדין** — ווער זשע איז דער פערזאָן?

**נאטאן** — רחלס א אייגענער ברודער.

**רחל** — (פארשטיינערט.) — מיינער א אייגענער ברודער? וואו איז ער?

**טעמפּלער** — (ווי פונם שלאָף דערוואכט.) — יאָ, נאַטאַן, דו האָסט דאָך מיט געזאָגט, אז דאָ וועל איך טרעפן רחל׳ם א ברודער, נו, וואו איז ער?

**נאַטאַן** — ווארט א ווײַלע, ער קומט גלייך.

**טעמפּלער** — (איראָניש.) — יאָ, אז ער האָט איר געקאָנט געבן א פאָטער, וועט ער מסתמא אויך א ברודער קאָנען צוטראכטן...

**סאַלאַדין** — א, דו נערוועזער קריסט, די נערוון האָבן זיך אין דיר צע־שפּילט? א, מיין אסאַד איז ניט פייאיק געווען צו באַליידיקן א אונ־שולדיקן מענטשן... ניין! — צו שטאָלץ ביזטו אָרימער קריסט...

**נאַטאַן** — פארצייַעט אים — מאַיעסטעט. ווער ווייסט צי מיר אין זיי־נע יאָרן זינען בעסער געווען פון אים? (צוגייענד צום טעמפּלער מיט גרויס צערטליכקייט.) — אזוי, מיין יונגער העלד, פון א ליגן קומט מען צו מיסטרויען... — זאָלסט מיר אָבער געווען זאָגן פון דער ער־שטער מינוט דעם ריכטיגן אמת, ווער דו ביזט?

**טעמפּלער** — ווער זשע בין איך?

**נאַטאַן** — נאָר ניט קאָנראד שטעפאן.

**טעמפּלער** — ווי אזוי אנדערש?

**נאַטאַן** — דו הייסט: לעוו פילנעק.

**טעמפּלער** — ווער זאָגט עס?

**נאַטאַן** — איך! איך קאָן דיר נאָך מער זאָגן, אז דער נאָמען קאָנראד האָט אויך עטוואָס אמת אין זיך.

**טעמפּלער** — דערקלערט עס מיר נאַטאַן...

**נאַטאַן** — די פאַמיליע שטעפאן איז פון דיין מוטערס צד; דיין מו־טערס א ברודער, קאָנראד שטעפאן, ביי וועלכן דו ביזט דערצויגן געוואָרן, האָט קיין קינדער ניט געהאַט און דיך אדאָפּטירט אלס זיין אייגן קינד, און דעם נאָמען קאָנראד דיר געגעבן. דיין ריכטיגער נאָמען אָבער איז נאָך דיין גאָטזעליגן פאָטער, וועלכער — איז באַלד נאָך דיין געבוירן פון דייטשלאַנד אהער קיין פאַלעסטינע געקומען.

**טעמפּלער** — ריכטיק, אזוי האָט מען מיר נאָך אַלס קינד איבערגע־געבן. אָבער וואוהינצילן אייערע דערקלערונגען?

**נאַטאַן** — געדולד יונגער הער! דיין פאָטער, איז מיינער א הערצנס

פריינט געווען, און זיך גערופן: „פאַן פילנעק". אליין איז ער ניט פון אייראָפּע, ער האָט נאָר דיין מוטער פון דייטשלאַנד גענומען, און אין דער צייט פון די קרייצציגער איז ער ווידער קיין פּאַלעסטינא געקומען און איז טאַקע דאָ אין דער שלאַכט ביי אשקלון געפאַלן.

**טעמפּלער** — נו, און מיין מוטער?

**נאַטאַן** — זי האָט עטליכע וואָכן נאָך זיין טויט א מיידל געבוירן, און איז אין קינדבעט געשטאָרבן.

**טעמפּלער** — ווי זשע איז דאָס קינד?

**נאַטאַן** — ווער? דאָס שוועסטערל דיינס? ווי זאָל אהינקומען א אומגליקליך קליין יתומה'לע פון עטליכע וואָכן. זי איז אודאי ערגעץ אומגעקומען...

**טעמפּלער** — (פאַרברעכט די הענט.) — א, אָרימעם קינד, א אומגליקליכע עלטערן!

**נאַטאַן** — זאָרג ניט, ליבער מענטש. דאָס קינד, האָט די השגחה ניט פאַרלאָזט.

**טעמפּלער** — (א אויפגערעגטער.) — און עס לעבט?

**נאַטאַן** — און אויך גליקליך...

**טעמפּלער** — און איר ווייסט וואו עס געפונט זיך?

**נאַטאַן** — ווי אזוי זאָל איך ניט וויסן, ווען ס'איז געווען דאָס קינד פון מיין הערצנס פריינט?

**טעמפּלער** — א, זאָגט זשע מיר נאַטאַן, וואו איז זי?

**נאַטאַן** — (צייגנדיק אויף רחלן.) — אָט איז זי!

**טעמפּלער** — (פאַרשטיינערט.) — און איך?...

**נאַטאַן** — יאָ, און דו ביזט איר ברודער...

**רחל** — ער איז מיין ברודער! א אלמעכטיגער גאָט!...

**סאַלאַדין** און **סיטא** — שוועסטער און ברודער?

**רחל** — (פלאַטערט. צום טעמפּלער.) — ברודער, טייערער ברודער!

**טעמפּלער** — (אָפּקערנדיג.) — איך בין איר ברודער?

**רחל** — (דערשטוינט.) — זע פאָטער, ער וויל דאָך מיר ניט אנדערקענען אלס שוועסטער? ער האלט דיך פאר א שווינדלער...

**סאַלאַדין** — (פול צאָרן.) — א, דו אונדאַנקבאַרער, דו וואגסט נאמא-

נען פאר אשווינדלער צו מאכן?

**טעמפלער** — (שמערצליך.) — א, מאיעסטעט, איך בין איבערראשט, לאָזט מיך א מאָמענט דענקען. (פאוזע. פאלענד צו נאטאנען.) — א נאטאן, נאטאן, א סך האָסטו מיר געגעבן, אָבער א סך מער האָסט ביי מיר צוגענעמען... (פאלנדיק רחלן אויפן האלז.) — שוועסטער! טייערע שוועסטער! נעם מיין נשמה, זי איז דיינע...

**נאטאן** — זי הייסט בלאנדא פון פילנעק.

**טעמפלער** — בלאנדא? ניט רחל?... איר רופט זי שוין ביי איר קריסט־ליכן נאָמען? איר האלט זי שוין מער ניט פאר אייער טאָכטער?

**נאטאן** — ניט נאָר זי איז מיין טאָכטער, ווי געוועזן, נאָר אויך דו ביזט מיין זון געוואָרן... רחלס ברודער דארף מיין זון זיין... (האלזן און קושן זיך.)

**סאלאדין** — וואָס זאָגסטו שוועסטער צו דעם בילד?

**סיטא** — איך בין ווי פארשטיינערט. אך! וואונדערבארעס!...

**נאטאן** — לאָזט נאָך איבער אן אָרט אויף מער וואונדערבארעס...

**נאטאן** — (איבערגעבענדיג סאלאדינען דאָס ביכל.) — וועמעס האנט־שריפט איז עס, מאיעסטעט?

**סאלאדין** — לייענט. ווערט פארצאפעלט און שרייט אויס.) — א. אסאד! מיין אומגליקליכער אסאד! ( פאלט אויף דער שטול.) *

**סיטא** — (דערציטערט.) — מיין גאָט! וואָס קומט דאָ פאָר?

**נאטאן** — (ווייזנדיק אויף טעמפלער און רחלן.) — די זענען אייער ברודער אסאדס קינדער.

**סאלאדין** און **סיטא** — (וואָרפן זיך אויף זייערע העלזער.) — אך טייערע קינדער! טייערע נשמות! גרויסער געטליכער נאטאן. א, ניין ניט נאטאן ביזטו, נאָר אליהו הנביא... וואָס האָט צונויפגעבונדן — די ביז אהער — דער ווייטערטע... (ווייזנד אויף רחלן.) — אָט

---

*) זיין ברודער אסאד, ווי עס גייט א לעגענדע, איז פון פאלעסטינא צוליב א אוואנטורע נאָך דייטשלאנד אוועק, דאָרט ניט צו דערקענען אים אלס מוסולמאן,און ליידן האָט ער זיך דעם נאָמען וואָלף פילנעק געגעבן. און דאָס איז געווען פארצייכענט אין דעם ביכעלע... משה רובין.

האָסטו נאַטאַן, אין איין פּערזאָן דיינע דריי רינגען, צוזאַמען: איד, קריסט און מוסולמאַן...

**נאַטאַן** — און די דריי וועלן מיט דער צייט ווערן איינס... (פּראָפּעטיש.)

**נאַטאַן** און **כאָר** —

עס וועלן מקוים ווערן ווערן די ווערטער פון ישעיהו הנביא:
עס וועט קומען, עס וועט קומען די צייט
די גאָלדענע עפּאָכא נאָענט צו ווייט,
„ווען פון אַלע מענטשן ווערן וועט איין נאַציאָנן
„אונטער איין גלויבן, אונטער איין רעליגיאָן...
„אחדות, טאָלעראַנץ און הומאַניטעט,
„גליק, ברכה, פאַרגעניגען און פרייד."

(אַלע אין אַלגעמיינעם טאַנץ. בענגאַליש פייער.)

פאָרהאַנג פאַלט

## ווי די קריטיק שאַצט אָפּ די דראמא „נאטאן דער ווייזע״

נאטאן דער ווייזע — זאָגט א באוואוסטער קריטיקער — איז אין 1894, נאָך א לאַנגען לעטארגישן שלאָף, נאָך אמאָל זיך דערוואכט.

נאטאן איז געלעגן מער אלס הונדערט יאָר פארגליווערט אין בוך, און האָט אמאָל גערעדט פון שלאָף... נאטאן דער ווייזע איז די גוטסקייט אליין, די ריינקייט, מילדקייט, און גרעסטע ווייזהייט. נאטאן דער ווייזע איז באשיידן, ער טראָגט אָבער אויף זיך א קעניגליכן מאנטעל פון דער מענטשהייט.

איך האָב מיך געפליסט צוגעבן פאר די אידישע לייענער לעסינגס „נאטאן דער ווייזע״ אָט דעם שענעם, איידעלען, הויכן און גוטן „נתן החכם״, וועלכער האָט מיט זיינע באַגאַבטע מעלות געוואונען דאָס הארץ פון סאלאַדינען און פונם טעמפּלער און אויך „די דריי רינגען״, וועלכע לעסינג האָט אריינגעלעגט אינם מויל פון זיין העלד נאטאן, כדי צו באַווייזן, אז „נתן דער חכם״, האָט אין קיינעם קיין שנאה און קיין קנאה ניט דערוועקט. נתן דער חכם דעקט פאר אונז אויף ניט נאָר די ריינע וואַרהייט, נאָר אויך די קונסט און די שיינקייט. נתן החכם ווארמט אונז, ווי די שטראַלן פון א פרילינגס זון. נתן החכם ליידט — פאר זיין אויבערמענטשליכקייט — פון דער קריסטליכער באַנע, די וועלכע ווייסט פון דעם געהיימנים, אז ער דערציט אַ קריסטליך קינד, און נאָר דאָס גוטסקייט פון נתן החכם האַלט זי אָפּ א לאַנגע צייט, ניט צו אַנטפּלעקן דעם סוד. נתן החכם איז אָבער ניט — ווי לעסינג וויל האָבן — אין זיין דערקלערונג וועגן „די דריי רינגען״ — אַ מאָדערנער נביא, וועלכער שילדערט דעם „אחרית הימים״ מיט ליכטיקע פארבן. ער גלויבט אַז די צוויי: קריסטנטום און מחמדניזם וועלן, סוף כל סוף, זיך צוריקקערן צום מקור און צוזאמען אין אים זיך קריסטאַליזירן.

מיר אָבער פארשטייען „נתן דער חכם״ אלס דער אלטער נביא,

וואָס זאָגט: כי כל העמים ילכו איש בשם אלוהיו, ואנחנו נלך בשם ד׳ אלהינו. די „קריסטאליזירונג עפּאָכע״ וועט אפשר פאַרווירקליכט ווערן אין א ניי געשאפענע וועלט, אין וועלכער עס וועלן מקוים ווערן דער „יתמו חטאים מן הארץ, ורשעים עוד אינם״ אין דער צייט, ווען קיין היטלעריסטן, נאציסטן און אנדערע באַנדיטן וועלן ניט זיין.

פאר אונז איז נתן החכם דער, וואָס וויל ניט מען זאָל אָפּלייקענען זיין ערשטע מבינות... פאר אונז איז נתן החכם — ווי איך האָב שוין געזאָגט — א מוסטער פאר אונזערע פּחדנים, וועלכע ווארפן פון זיך אַראָפּ דעם אידנטימליכן מאַנטעל, כדי נאַקעטערהייד זיך אָפּטובל׳ן... און אויך א שטאָלץ פאר די איינגעבוינגענע און קניענדיגע נפשות, פאר די פאר וועלכע זיי זוכן נושא חן זיין אין זייערע אויגן...

# די פּעדער ☆

## פּאָעמא

*) די ערשטע סטראָפן פריי איבערגעזעצט פון „האכר והנוצה", פון מ. מ. דוליצקע.

# אין די 80-גער יאָרן

א פויער אַרבעטנדיק אין פעלד עטליכע שעה'ן,
האָט זיך — מיד ווערנדיק — צוגעלעגט זיך אָפּרוען
און איידער געשלאָפן האָט ער נאָך די אויגן,
דערזען אונטער א בוים א מענטשן אויסגעצויגן.
געגלויבט האָט ער, ווי געוואוינט ער איז צו זען,
אזעלכן וואָס שכור איז געווען
ליגן און וואלגערן זיך אין בלאָטעס און מיסטן
אין א חגא טאָג — איינעם פון זיינע ברידער די קריסטן.
און זיך פארנעמען ווי דער שטייגער
צו באגיין זיך מיט אזא פגר
אויפשפילן אים אלע קנעפּ,
מיט א צוגאָג עטליכע קלעפּ.
און אין אויער ארייגזאָגן דאָס באוואוסטע ליד...
ווען אָבער ער האָט זיך איינגעבויגן,
צו דעם וואָס אויף דער ערד אויסגעצויגן,
האָט ער דערקענט גאָר אין אים א איד.
און עס האָט אים ביז גאָר פארדראָסן
די אויגן אין בלוט אזש אָנגעגאָסן
— אך, דו פארשאָלטענער זשיד! מיט כעס אויסגעשריען
זע נאָר וואָס פאר פנים דו האָסט באַקומען?
איינגאַנצן אין א טייך בלוט געשוואומען
ניט אומזיסט איז צו אייך דער שטרענגער וואוט
ניט אומזיסט גיט מען צופילן אייך די שטארקע רוט,
ווייניג פאר אייך וואָס יעדן פסח טרינקט איר אונזער בלוט,
פארשווערכט איר נאָך אונזער חגא גלייך מיט אונז צו טרינקען
און מיט אייערע זשידאָווסקע אייגעלעך ביטרע צו ווינקען.
— שטיי אויף — פארשלאָטענער —

כלומרשט אונטערן בוים א באהאלטענער,
כדי פון אונז קריסטן שפאס צו טרייבן,
שטיי אויף! איך וועל דיך ווי א וואנץ צורייבן.
און אָנגעהויבן האָט ער אים צו טרייסלען מיט כח
אזוי לאַנג, ביז זיין פויערישער פארשטאָפּטער מח
האָט פארשטאנען אז דאָס איז א אידיש שפּיצל,
אין — פאר אים — א צרה, א נויט,
מאכן זיך כלומרשט טויט.
איך וועל אים באַלד טוען א קיצל,
אז ער וועט פארגעסן זיין שפּיצל.
און געךעט — געטון,
מיט א פעדער פון א הוהן,
אונטער דער נאָז גענעמען פירן,
און ס'האָט זיך אָנגעהויבן שפּירן,
אין דער פעדער א ציטער,
זיך אָנגעהויבן ווי פון א געוויטער.
ער לעבט! ער לעבט!
די פעדער שוועבט!
דאָס פארשאָלטענע געזינדעל,
באַגייט אויך אין שכרות א שווינדעל.
אָנגעשיכורט זיך ווי לויט,
מאכט ער זיך ווי טויט.
כדי אונז, קריסטן, אָפּצונארן,
און עפּעס פאר זיך אָפּשארן...
— און געשעען איז א נס,
ניט מיטן אידישן מת,
נאָר מיט דער פעדער
— וואָס האָט זיך געהויבן כסדר —
צו דערקלערן דעם חם,
דעם פויערישן תם,
פון איר באַוועגן זיך דעם סוד

ד י   פ ע ד ע ר

אין שייכות מיט דעם וואָס איזווירקליך טויט.
— געווען בין איך אין אקישן פון אָ אָרימען אידן,
אויף וועלכעם ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ דעם מידן,
אויף דעם זענען אויך געשלאָפן זיין פרוי און זיינע קראַנקע קינדער,
מיט דעם צומאָל זיך צוגעדעקט יעדעס באַזונדער.
און ווען געהערשט האָט אין שטוב אַ גרויסע נויט
פאַרמשכנ'ט עס אויף צו קויפן פאַר די קינדער ברויט.
דאָס גאַנצע אידישע געזינדעל
ריין איז געווען פון שווינדעל;
אַ גוטס, אַ ערליכס, אַ גערעכטס
קיינעם ניט געטון קיין שלעכטס.
און ווען דאָס שטיקעל ברויט געווען איז דאָס לעצטע,
פון זייערע אלעמענס טרערן געווען אַ באַנעצטע.
האָבן דאָך קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט,
אויפן לעבן וואָס ס'איז אזוי געפּלאָגט
שטיל געהונגערט און געליטן,
און געזאָגט: „דאָס איז דאָך צום גוטן".
דער בורא פון דער וועלט,
פירט זיין וועלט ניט שלעכט.
נאָר פּלוצים דערשינען איז אַ פאַל,
פון אַ מערדערישן איבערפאַל,
אויף אַ בעסטיאַלישן אופן
ניט לאָזנדיק קיינעם אנטלויפן,
געקוילעט, געשטאָכן מיט אכזריות'דיקער רשעות,
אומשולדיקע אידישע אָרימע נפשות,
אויך אינם הויז פונם קישנס בעל הבית געטראָפן,
ווי ווילדע חיות זיך צוזאמען אהין אָנגעלאָפן;
צום ערשטן די אָרימע פרוי זיינע דערשטאָכן,
דעם טויטן קערפער אויף דער גאס ארויסגעוואָרפן,
און גלייך נאָך איר די קינדער,
וואָס זענען אין די ווינקעלעך פאַרקראָכן.

מיט זיי אויפן דאך ארויפגעקלעטערט
אראָפּוואַרפנדיק זיי די קעפּעלעך צעשמעטערט.
דער מאַמעס בלוט אויף דער ערד געפלאָסן,
האָט זיך מיט זייערס צוזאַמען געגאָסן.
און איך אַ פּעדער ארויסגעשמיסענע
פון דעם קישן דאָס אויף שטיקער צעריסענע,
איבער די טויטע קערפּער זיך געלאָזט פליען,
גלייך צום הימעל, פאַרן כסא הכבוד זיך קניען.
און דעם רבונו של עולם אַלין פרעגן,
פאַרוואָס ער שטעלט זיך ניט אַ קעגן,
פון בעסטיעס, רויבער, און סאַדיסטן־רוחות.
און גלייכגילטיק קוקט צו אַזעלכע רציחות,
געגלייבט האָב איך אז מיין קישנס בעל הבית
האָט זיך געראַטעוועט פון די ווילדע חיות.
ארויסלאָזנדיק זיך אויף צו זוכן דאָס שטיקל ברויט
האָט ער אויסגעמיטן דעם גרויזאַמען טויט.
פּלוצים, האָט מיך אָבער אַ שטאַרקער ווינט פון דרויסן
אין דיינע פּויערישע הענט ארייַנגעשטויסן,
און פון דיר מיך צולעגנדיק צום טויטנס נאָז,
האָב איך דערקענט מיין קישנס בעל הבית
איבער וועלכן האָסט זיך דערלויבט חוזק צו מאַכן,
און מיט דיינע פּויערישע חכמות אים אויסלאַכן.
ווערנדיק פון דיין לאַכן און חוזק, אַזוי פאַרביטערט,
באַקומען קאַנוואַלסיע און געוואָרן פאַרציטערט.
— אויך דאָ האָט אַ מערדערישע האַנט דיך געטראָפן?
— אויך ביז אַהער איז דער מערדער דיר נאָכגעלאָפן?
דו אומגליקליכער ווייסט ניט אז אין הימעל דאָרטן
דיין פרוי און דיינע קינדער אויף דיר וואַרטן.
גיי זשע ארויף פריער פאַר מיר,
איך וועל גלייך נאָכפליען נאָך דיר.
און צוזאַמען מיט אייערע נשמות

## ד י   פ ע ד ע ר

זיך שטעלן פארן אל נקמות.
פאר אים א אנקלאגע דערלאנגען
און א צופרידענעם ענטפער פארלאנגען.

---

# אין 1939-סטער עפּאָכע

און פליען פליט די פעדער שוין יאָרן און יאָרן,
און זעט פאר זיך ניט קיין הימעל קיין קלאָרן
פו אידישע צרות פארהושך'ט איז ער,
קיין ליכטיקער שטראַל באווייזט זיך ניט מער.
פון צייט צייט, ווי צינטער פייער־גלוט,
פון אבשיין פארגאסענעם אידישעם בלוט.
אָרימע פעדער! אויך איצט פליעט זי איבער שטייגן און וועגן,
וואו אידישע נשמות קומען איר אנטקעגן.
נשמות פון טויטע — דורך נאַצישע האַנט אומגעקומענע,
און פון קאָנצענטראציאָנס לאַגערן אנטרינענע...
איצט, נאָך — ווי פריער — איבער די קעפּ פון באַנדיטן,
פליט זי אין די לענדער וואו אידן האָבן כסדר געליטן...
און היינט צו טאָג נאָך מיט מער אכזריות פארפייניקט און פארשניטן.
פלי, פלי, אָרימע פעדער! אויך צו דיינע חבר'טעם די שטאָלענע פעדער
וועסט זען ווי זיי טונקען זיך אין אידישעם בלוט כסדר.
און ניט נאָר אין בלוט, נאָר אויך אין גיפט,
מיט וועלכן זיי פילן אָן פּאַפּיר און שריפט.
פלי, פלי, אָרימע! אפשר וועט שוין ניט געדויערן,
צוצוקומען — ביז איצט — צו די פארשלאָסענע הימעלס טויערן.
אפשר האָבן זיי זיך שוין געעפנט דורך דעם גרויס אומגליק געשריי.
דורך יאָמער, געוויין פון אומגליקליכע אלערליי,
טאַטעס, מאַמעס, קינדער און אַלטע לייט,
געטריבענע, געזאָגטע אָן דער מינדסטער מיטלייד.
אפשר וועט דיר, אָרימע, געלונגען אריינקומען אין הימעל דאָרט
און וועסט האָבן דאָס רעכט צו נעמען דאָס וואָרט.

## ד י   פ ע ד ע ר

זאָלסטו דערציילן אַלץ וואָס האָסט געזעען,
אַלץ, אַלץ וואָס פאר דיין פעדערס אויג איז געשעען.
זאָלסט זאָגן דעם רבונו של עולם דאָרט,
אויב ער וועט ניט אויפן אָרט,
אין זיין נקמה מאנטעל זיך ניט איינהילן,
די רוצחים זייער פארדינטע שטראָף גיבן צו פילן,
וועט א קאטאסטראָפע דעם אידישן פאָלק ניט פארמיידן,
גרויס איז דער ווייטאָק שרעקליך די ליידן.
דערצייל אים וועגן די חורבות פונם אידישן לעבן,
פון א לעבן, וואָס צווישן גסיסה און טויט טוט שוועבן;
דערצייל אים פון די צע'ממית'טע צע'מזיקטע אין היטלערישן גיהנום
דורך בעסטיעס שטורמער, ווי זיי רופן זיך אָן אין לאנד אין יענעם.
דערצייל אים פון די — פון זינען געררירטע,
די — מיט אכזריות, פונם לאנד ארויסגעפירטע.
דערצייל אים פון דער בעסטיאַלישער ראכע,
וואָס צעיושעטע תלינים נעמען פון די שוואכע.
און די שוואכע, דורך דער שרעקליכער מארטירערלאָגיע,
נאָך דער לערע פון נאַצישער פסיכאָלאָגיע.
דערצייל אים פון די פארברענטע און צעטרייטענע הייליגקייטן,
וואָס האָבן אויפגעהאלטן דאָס פאָלק אין אַלע אייביגקייטן.
דערצייל אים פון די, וואָס אַלע גרעניצן זענען פאר זיי געשלאָסן
און זייער בלוט, ווערט פון זיי אַליין — ווי וואסער פארגאָסן.
פרעג דעם רבונו של עולם איז די וועלט געשאפן אויף דעם אופן
אז ווילדע מענטשן־חיות, זאָלן אין איר ארומלויפן?
און אזעלכן ווי דעם מאָנסטער בעסטיאַלישן דייטש,
צו נעמען אויף צו שטראָפן אלס א שטראָף בייטש?
זאָל ער דיר זאָגן מיט זיין געטליך מויל
ווען ס'וועט נעמען א ענדע צו דעם גרויל?
ווען וועט שוין נעמען א ענדע צו אידישע צרות?
ווען וועלן זיי שוין ניט זיין דער וועלטס כפרות?
ווען וועט שוין פארשוואונדן פון דער וועלט דאָס שלעכטיגקייט?

## משה רובין

ווען וועט שוין הערשן יושר, גלייכהייט און גערעכטיגקייט?
ווען וועט שוין פארשווינדן דער מענטשן־בארבאריזם?
און בכלל, פון מענטש צו מענטש, דער קאניבאליזם?
ווען וועט שוין דער מענטש באקומען א מענטשליכע צורה?
איינער דעם צווייטן זאל ניט זיין א פלאג, א צרה?
זאג אים — מיט אזא בעסטיאלישעס אויפפירן
וועט זיין וועלטעל לאנג ניט קענען עקזיסטירן.
זאג אים, דעם אל מלא רחמים,
וואס קיין פארבארגעניש ניטא איז פאר אים,
ווי קאן ער זיין בליק פארמיידן,
אויף ניט וועלן זען, די יסורים די ליידן.
ווי קאן ער צוזען, ווי מענטשן ווערן אין חיות פארוואנדעלט,
אויף נאך ערגער ווי חיות פון מענטשן ווערן באהאנדעלט?
פרעג אים: פאר וואס איבער דער גאנצער וועלט דארט און דא,
זאל באזונדער — דער איד ניט האבן קיין חיי שעה?
פאר וואס זאל פון יעדן לומפ פון יעדן גולם
ליידן אזוי שרעקליך זיין פאלק, דער עם עולם?
פרעג אים אויך פאר וואס ווען ער האט אין שפעלטעל
געוויזן דעם אידן א פרייעס און בעסער וועלטעל,
האט ער דאס שפעלטעל אויף אזוי פיל צוזאמענגעצויגן,
אז ס'איז שווער דורכצודרינגען עס מיט די ווייט זעענדיגע אויגן?...
אפשער — פרעג אים האט ער אויף דעם וועלטעל געווארפן א אום־חן
ס'איז אויך פאר אים שלעכט פארדארבן און ביז גאר געמיין...
און אפשר ווייזן זיך שוין סימפטאמען
די וועלט אומצוברענגען דורך פלאמען?
האט ער דאך אליין דעם מענטשן געוויזן א ריכטונג,
אייף נאר ערגער ווי חיות פון מענטשן ווערן באהאנדעלט?
מיט וועלכע זיי האבן זיך אנגעהויבן שוין צו באנוצן,
ניט צו זיין אימשטאנד פון זיי זיך צו באשיצן...
מענטשן פון מענטשן, פון די זעלבע גלויבן און ראסן,
ווער פון זיי אומגעבראכט אין די מאסן...

אפשר האָט ער בדעה צו שאַפן אַ וועלט אַ נייע,
אַ בעסערע, אַ פיינערע, אַ גוטע, אַ פרייע?
זאָג אים, ליבע פעדער, זאָל ער עס וואָס שנעלער דורכפירן.
זי אויף דעו בעסערן אופן דורכפירן...
אָן ראסן און שטאַמען, אָן קריסטן, אָן אידן.
או די אַלע וואָס מאַכן די מענטשהייט פארשידן...
מענטש מיט מענטש, זאָל זיך קענען דורכלעבן,
און צו גוטע מעשים מיט איין געדאַנק שטרעבן.
די נבואה פון „וגר זאב עם כבש" זאָל מקוים ווערן
דער שטאַרקער זאָל דאָס לעבן פונם שוואכן ניט צעשטערן.
אונטער איין פאָן: „גלייכהייט", פרייהייט זאָלן אַלע לעבן,
אָן אונטערשיד פון ראסן קלאסן, און פארשידענעם גלויבן...
אָן אידעאָלאָגישע קאָנטראסטן פון אָרעם און רייך,
הויכע, נידעריגע, קרום און גלייך...
ווייסע, שוואַרצע, געלע און רויטע,
פאר אַלע די וועלט אַ גרויסע אַ ברייטע...
איינער דעם צווייטן ניט יאָגן זאָל, און טרייבן,
און באַזונדערע יחוס-צייכנס זיך צו צושרייבן...

## און גאָטס שטימע, דעם בורא'ס וואָרט,
## האָט די פעדער געבראַכט פון דאָרט.

לא אחריב את עולמי מחמס הזדונים
לא אשחית את הארץ מחמת הגאיונים.
כלה אעשה באנשי רשע ושחץ,
ויכלה ויתם הלחץ והמחץ.
הבי כמעט רגע — עמי — עד יעבור זעם
וישועתך תגלה ותבא גם הפעם.
זכור עמי, עת על נהרות בבל ישבת ובכית,
וכנוריך ומצלתיך על ערבי נחל תלית.
שמלת אבל ומעטפת יגון עליך עטפת,

ובאנחות ואנקות אותם בדמעות שטפת.
ועל קשי יומך המיתרים גם המה נאנחו,
ומגלות לגלות זה שנות אלפים
באש ובמים זעזועיהם שלחו.
ומערפלי שנות אלפים מחשכת רבות דורות,
זעזועיהם עד הנה היו מחרידות ומרות.
ועתה הקיץ הקץ, לא עוד תאבל, פסקה זאת השירה,
שירת נכאים; ותהפך לשירי עוז, איל, וגבורה.
לזעקת שבר עתה, אחרית הימים,
השירה - הקינה, תפסק לעולמים.
וחיים חדשים, חיים מאושרים ונאורים,
מרהיבי עין, יפזרו נגוהות ואורים.
תור נוער, הנה בא, תור ששון מעולף חן הוד,
ואתה עמי, לא תאנח, לא תאנק ולא תאדב עוד.
ינסו הצללים, ושמש ביפעתה לך למנה ולשי,
גואלך עוד חי, לצרותיך ולענויך יאמר די.
גיל ועונג חן ונועם,
כברקת ואבני שוהם.
לחייך הנעורים,
תנוצצו קרני אורים.
תגיל ותתעלס; סביבך חיים, סביבך אורה,
אין עוד שוד, אפס המץ, חלפה חתת ומורא.
הרם ראשך עמי! אל תשתע, אל תחת מהמה;
יכלו הרוגנים, תעבור ותתם המשטמה.
מהספר השחור - הלבן אל יפול רוחך,
מזאבי ערב אל תרעדנה עצמותיך.
לא אשנה את אשר הבטחתיך,
מבנין ארצך אל תרפינה ידיך,
עוד אבנך, ונבנית גם אתה בעזרתי ובמפעליך.
מתרי כנוריך לא עוד תמרורים ישמיעו,
לא עוד עצב יגוו ואנחה יביעו.

## די פעדער

כל צוקות התופת,
תהיינה לאפס.
ואתה עמי עוד תפריח,
עוד תשגה תגדל ותצליח.
חייך החדשים — חיים נעורים,
יצהילו כל לב, ירהיבו כל עין,
יפיצו יפזרו קרני אורים,
ועל מצח מנדיך יכתימו אות קין.
אביבך יהיה אביב עולמים
חלף ענוייך הוא לך לשלומים.

